„קליינע ביבליאָטעק"

י. אַקרוטני

# אַ בוים אין ווינט

(דערציילונגען)

צענטראַל-קאָמיטעט פון פוילישע יידן
אָפּטיילונג פאַר קולטור און פּראָפּאַגאַנדע
וואַרשע, שעננאַ 60



פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן"
לאָדזש  1948

הילע געצייכנט פון: העכטקאָפּף.


Mała Biblioteczka

I. OKRUTNY

# A BOJM IN WINT

(Opowladania)

Wyd „Dos Nae Lebn“
Łódź 1947

Drukarnia № 10 w Łodzi

zam 727

# א בוים אין ווינט

## 1.

**פאַרן ווייסן טאָג, וואָס איז געשטאַנען אַ געלעסטערטער, איז מיר געווען אַ חרפה. אַלצדינג האָט מאַוימדיק געשריגן מיט פאַרשטאָפּטן האַלדז. כ׳האָב דעם טאַטן נישט געקאָנט קוקן אין ערדיקן פּנים אַריין; ס׳איז מיר געווען אַ בזיון פאַר דער פּשוטער מאַמען; כ׳האָב מיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם.**

אויב זיך נישט שעמען, מוז איך מודה זיין: אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט מיין נפש. דער דורכדרינגלעכער, האַרטער קוק פונעם דייטש איז געווען בייז. עס איז געווען דער בליק פון דעם שאַרף־הערנערדיקן מלאך־המות, ווי מ׳האָט מיר אים געוויזן אין די חדר־יאָרן. פאַרריסן און שטאָליק איז געווען זיין שטערן, קאַלט און שניי־דיק — זיינע אויגנווייסלען, און די באַקן און די אויערן האָבן זיך צאַרניק און רויט געוואָרפן, ווען ער האָט גערעדט. ער האָט געמרוקעט, בהלהדיק געשריגן, און שטאַלפּערנדיק, ווי אַן אייזערנער וואָגן אין מיטן נאַכט, איז ער העזהדיק געגאַנגען אויף אונזערע טרעפּן.

איך בין געלעגן אויפן בוידעם און נישט געוווסט ווי לאַנג דאָס וועט אַזוי געדויערן. די צייט האָט זיך געצויגן ווי דזשעגעכץ, שטיקערווייז האָט זי זיך געוואָרפן פאַר מיר, געהעלט און געטונקלט. צייטנווייז פלעג איך איינדרעמלען און האָב נישט געוווסט

ווי לאַנג איך בין געשלאָפן, נאָר שטענדיק, ווען איך האָב דורשטיק געעפנט די אויגן, איז געווען טונקל־טונקל, און פון דער נידער האָט זיך געטראָגן דערזעלביקער ספּאַזמאַטיש־איינגעהאַלטענער רויש, גלייך אַ געשוואָלענער גוסס וואָלט געדעכעט, געדעכעט.

לאַנגע טעג און נעכט בין איך געלעגן פאַרשפּאַרט צווישן טראַנטעס. איך האָב מורא געהאַט זיך אַ באַוועג צו טאָן. שכנים דאַרפן זיך נישט דערוויסן, אַ פויגל טאָר נישט אַ פּיפּס טאָן וועגן מיר.

נישטאָ אַזאַ. געווען אַ נאָמען אַזעלכער. ווו? ווען? — קיינעם וועט עס היינט נישט איינפאַלן פרעגן זיך וועגן מיר, אַז שטאַרבן איז אַ געוויינלעכע זאַך געוואָרן, רופט צומאָל קיין רונצל נישט אַרויס.לעבן הייסט איצט — אָפן האַלטן די אויגן. עס קלאַפּט דער דופק , און גאָר. אַז מען לעבט אַזוי־אָ, איז מען מקנא די טויטע: „איבערגעקומען!”

מיט אַ פאַרציטערט האַרץ האָב איך אויסגעקוקט, עמעצער זאָל קומען צו מיר. ווער וועט קומען? דער טאַטע? די מאַמע?... באַהיט זאָל מען ווערן! מען דאַרף זיך גיך דורכגליטשן, ווי אַ קאַץ זיך דורכגליטשן, אַז אַ פליג זאָל זיך נישט וועקן. געוויס, ס'וואָלט גלייכער געווען אינמיטן טאָג, ווען מען דרייט זיך־ווי עס־איז אי־בערן הויז. ביינאַכט וואָלט געווען פאַרדעכטיק. געוויג אַ שאָרך. דערצו נאָך אין אַזאַ זאַק־פינצטערניש! מענטשן שלאָפן נישט. יע־דער וואַכט איבער זיין אייגענעם חורבן. ביי „זיי” איז קיין שום איינזעעניש נישטאָ.

...דאָס שיסן אויף דער שטאָט האָט שוין אויפגעהערט. איצט האָט מען געשאָסן בלויז אויף מענטשן, אויף די ווידערשפּעניקע. און האָט זיך געהערט אַ טררראַך, האָט די ברוסט זיך צונויפגע־שטשעמעט.

פון יעדן פאַרדעכטיקן שאָרך האָט ס'האַרץ איז מיר זיך צע־פויקט. כ'בין אַליין געוואָרן אַ צעשראָקענע חיה אינעם בוידעם־ווינקל. אַ שטיקל צייט איז מיר אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז נעבן מיר, צווישן אָנגעוואָרפענע הויזלעכע שמאַטעס האָט אַ מויזן־מוטער אויסגעבויט אַ „יאַמע”, און זי און איך האָבן, משמעות, אין

דער אייגענער מאָס געציטערט, ווען עס האָט זיך דערטראָגן אַן אומגעריכטער שורשע. אין מיר האָט זיך איינגענעסטיקט נעבעכ־דיקע שרעק פאַר לעבן, וואָס איז מיר גראָד איצט טויזנט מאָל ליבער געוואָרן.

טאַטע־מאַמע זיינען מיר נענטער געוואָרן, וואָרעמער האָב איך דערפילט מיינע ברידער, די פריינט. עפּעס האָט אין מיר געפּלאָ־קערט אַ באַגער צו אַלעמען.

2.

בלייבן אויפן בוידעם איז געוואָרן שווער, שווער. סכנה איז ווי טשאַד, וואָס דרינגט אַריין דורך די דינסטע שפּאַרעס. די דייטשן פלעגן אַרומגיין איבער די שטובן מיט רעוואָלווערן אין די הענט, געזוכט אונטער די בעטן, דורכגעטרייסלט די שטרוי־זעק, געניששטערט אונטער די דילן. זייערע באַזוכן זיינען געוואָרן אָפטער, די מענטשן — נערוועזער. אַ פאַרצאַפּלטער האָב איך איין מאָל פאַרנומען, ווי זיי הויבן זיך שוין אויף אויפן אויבערשטערן לייטערל. צו מיר, צו מיר!

ווו זיך אַהינטאָן איצט? סיידן שפּרינגען דורכן לופט־פענצטערל, וואָס איז דאָס איינציקע אָפענע אויג אין דער פאַר־שטאַרט־צעשראָקענער וועלט אַריין. געניזוקט ווערן ליבערשט, איידער אַריינפאַלן אין זייערע פענטעס! ס'האָט מיך געוואָרפן אין קאַנוווּלסיע, אין שטיקנדיקן ספּאַזם.

...ענדלעך האָט מען מיך אַריבערגעפּעקלט צו אַ באַקאַנטן הינטער דער שטאָט.

ווי אַ קראַנקן האָט מען מיך פאַרבאַבלט אין קישנס און קאָלדרעס און, אַן איינגעצבעטן אין שטרוי, אַרויסגעפירט פון דער אָפּגעשטאָרבענער גאַס. אַלע גאַסן זיינען געווען אָפּגעשטאָרבן. פאַרמאַכט די געוועלבער, די פענצטער אָפּגעריסן, לעדיקייט האָט אַרויסגעהילט פון יעדן ווינקל, פון איטלעכן ליק. אַז אַ מענטש איז פאַרבייגעגאַנגען, איז עס געווען אַ גייענדיקער דאָרן: דאָס

פנים אויסגעצויגן, קרענקלעך-געל די הויט, און דער שליט וואַקל־דיק. נאָר אין היצקראַנקהייט גייען מענטשן אַזוי. אַן אבל-שטאָט איז מיין היימשטאָט געוואָרן, און כ׳האָב שוין גאָרנישט באַגערט אין יענעם טאָג. כ׳האָב שוין גאָרנישט מער געזען. פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין שטרוי, האָב איך גלייכגילטיק זיך געטרייסלט אויפן שטיינערנעם ברוק.

אויף עק שטאָט האָט זיגמונט אַזשעשניק מיך אָפּגעוואַרט. זיין פּנים איז געווען אויסטערליש געפלעקט, און די אויגן — אומ־רויק. ער האָט מיך אויף דער גיך אַראָפּגעכאַפּט פונעם וואָגן. אַן אַנגעבויגענער, מע זאָל זיין הויכע פיגור נישט באַמערקן, האָט ער פאַרקירעוועט מיט מיר, ווי מיט אַ געראַבטן זאַק, אויף אַן אָפּגע־לעגענעם ווינקל אַרויף, און דורך ס׳פעלד מיך אַוועקגעפירט צו זיך.

אַ פּיצעלע כאַטקע ביים טייכל לאַגעוניקי איז עס געווען; נישט ווייט איז דער טרויעריקער, אויסגעהאַקטער וואַלד „די גראַ־בינקעס״, נישט ווייט — די הינט-שלעגעריי. אַ וויסט, קלאָגעדיק מקום, וואָס האָט פון אייביק אָן מענטשן געטריבן פון זיך. אויך דאָ האָט זיך געטראָגן דער טויטלעכער הויך פונעם ווילדן חיל. פאַרנאַכט-צייט האָט זיך אין דער נאָענט געעפנט אַ שיסעריי. אַזאַ טויב, זיך ציענדיק גראַגעריי. דערנאָך האָט אַ היניטישע יללה דורכגעבויערט די אָנגעפאַלענע שטילקייט. אין משך פון דער נאַכט האָט די שיסעריי א סך מאָל זיך איבערגעחזרט. איך האָב אַן אויפ־הער געוואַכט איבער דעם דרויסנדיקן טומל און אַן אויג נישט צוגעמאַכט.

אומענדלעך לאַנג איז געווען די נאַכט.

אויף מאָרגן באַגינען האָט מען אויפן ווילדן פעלד, וואָס ביים טייך, געפונען געהרגעטע מענטשן, מענטשן ווי טראַנטעס צעטראָ־טענע.

די צווייטע נאַכט — דאָס זעלביקע, און איך האָב מיך שוין צוגעוווינט ציילן די זאַלפן, זעען די קרבנות. דערנאָך האָב איך ווידער געוואַרט אויף דעם בילן פון די סטאַיעס הינט.

די קופעס געהרגעטע פאַרן כאַטקעלע האָבן זיך געמערט, און מיין פּיין האָט זיך געמערט.

די מתים, צעריסענע פון צערייצטע היטלערישע צייגער האָבן, שווארצגעוואָרענע, אויפגעלאָפענע, זיך געוואלגערט אונטערן כמורנעם הימל. אַוועקרוימען די געטייטע איז פאַר די העגקער געווען אַ צו גרויסע טרחא. איז דעריבער געווען שמחה־מאַלצייט פאַר די קראָען, וועלכע האָבן מיר געקראַצט די געהירן מיט זייער קררא.

איך בין מיד געוואָרן אין די נעכט, נאָר כ׳האָב מורא געהאָט איינצושלאָפן. און בין איך אויף אַ ווייל אריינגעפאלן אין דרעמל, האָט אַ שרעק־געשריי מיך אַרויסגעטרייסלט דערפון. ביינאַכט האָט די פּיין, ווי בראנד, מיר געריסן די אָדערן, און בייטאָג האָב איך נישט געקאָנט די אויגן אויפהויבן פאַר דעם גוטן מענטש זיגמונד..

— וואָס שווייגסטו אַזוי איינגעשפּאַרט? איך וועל משוגע ווערן צעבן דיר!

איך האָב נישט געקאָנט ענטפערן. זיגמונט האָט טרויעריק געזאָגט:

— דער וואָלף איז זשעדנע. ווען ער דערשפּירט בלוט, איז זיין הונגער גרעסער.

איז עמעצער געקומען פון שטאָט, איז נייעס מיטגעקומען מיט אים. וואָלקנס טריבקייט זיינען אים נאָכגעגאַנגען.

—אויף די מערק שטייען תליות, טויטע וויגן זיך אין ווינט. מעת־לעתן שוין אַזוי. שילדלעך זיינען צוגעפעסטיקט צו זייערע ברוסטן: „פאַרעטער", „פאַרברעכער", „יודע באָלשעוויסט"...

— קרעמער מוזן זייערע שטעלעכלעך סחורה אַרויסטראָגן אויפן מאַרק. פויערים ווערן געטריבן פון די דערפער. די זעלנער העדשעווען, און דער טויט גלאָצט ארויס פון אומעטום... ס׳איז זיי צו ווייניק די תליות אויף אַלע, אַלע פלעצער. זיי שיסן נאָך, מאָרדן. אַז מען באַגעגנט אַ דייטשישן זעלנער, מוז מען זיך אויסציען אין בלאָטע, און זיך נישט קיין באַוועג טאָן. ער שיסט באַלד! אויפן מיטן פאַר־וועג מוז מען גיין. דער טראָטואר איז פאַר זיי...

מיין חבר קוקט אויף מיר. איך קאָן די אויגן נישט טראָגן אין קאָפּ.

„אַ ווינטער גייט, אַ צייט קומט אָן!...״

האַרבער אומעט האָט מיך געוואַרגן, און איך האָב זיך אָפּגעריסן פון דער פאַרשאָלטענער באַהעלטעניש.

די אָפּגעלערטע, צעטומלטע גאַסן האָבן זיך נאָך מיר נאָכגעיאָגט. סם האָט געגעסן מיין בלוט. ווי אַן איינגעביסענער, האָב איך זיך געראַנגלט מיט די בייזע כוחות, וואָס האָבן זיך געווקט אויף מיר.

אין אַ קאַרעטקע פון „רויטן קרייץ״ — אַ פאַרמאַכטער גראָ-געפאַרבטער קאַסטן אַזאַ אָן פענצטער — אין איינער פון יענע קעטשלעך, וועלכע קלייבן צונויף טויטע אויף די וועגן פון מלחמה, האָט מען מיך אַריינגעלייגט און אַרויסגעפירט.

ווי אַזוי די שליאַכן פון מיין געבוירנלאַנד האָבן מיך באַגלייט, האָב איך נישט געזען; איך בין געווען אַ „טויטער״. דורך דעם היך-באַוועגטן מאַרך האָט איך מיר נאָך אויפגעציטערט דער מאַנצבילשער שלוכץ פון מיין פאָטער, דער ליפּן-פּלאַטער פון דער מאַמען. פון צייט צו צייט האָט זיך צו מיר דורכגעריסן דער רויער דרויסן:

— פּאַס-סיר-שיין!

—רונד ארום פּאַ-אַרען!

— אַך, זי? רואינען, רואינען, לאַוטער ברוך, פערפלוכטע! — פון שרפות, וואָס האָבן דאָ און דאָרט נאָך געציישעט, פון זינקנדיקע חורבות האָבן הייסע שפּליטערס אומגליק געבריט מייך מוח. די שטייפע רייד פון יענער זייט וואָגן זיינען אָפּגעשפּרונגען פון מיר, און איך בין ווידער אריינגעפאַלן אין יסורימדיקער, טעמפּער האַלוציאַציע. דער וואָגן האָט זיך געקאָלערט, איך האָב זיך געקאָלערט און איטלעך מאָל אויפגעהוידעט געוואָרן פון אַ מעכטיקן וואָרף אינדערלופטן. דאָס האָבן זיך גריבער געעפנט אונטער מיר, די רעדער איינגעשלונגען און צוריק אַרויסגעוואָרפן זיי. אַזוי־אַ האָב איך, אַן אַרויסגעטרייסלטער פונם נישט-זיין, געוואָגלט צווישן

קברים-שטעט, וואָס האָבן זיך מיר נאָכגעקוליעט מיט בלוט-גע-
זיימטע אויגן, מיט אויסגעצערטן, שטאַרן פנים.

מוז זיין, איך בין לאַנג נאָך געפאָרן אינם טויטן-וואָגן.

געוויין פונם פאָלק, פון בלוט-אָפּגייענדיקע קאַליקעס, פון
יתומים און אלמנות, וואנזיניק געשטויסענע פון נויט, האָט מיך
נאָכבאַגלייט; הארבסט-כמארעס, ווי טשאַדנדיקע האַלעוועשקעס אין
שוואַרצער נאַכט, זיינען מיר נאָכגעגאַנגען.

יאָמער האָט מיר צוגעזינגען.

3.

אַ קליינער, פרעמדער ישוב איז מיר אַקעגנגעקומען. כ׳האָב צו-
פוס ארומגעבלאָנקעט ווי אַ וואַנדערער. די הייזלעך זיינען געשטאַ-
נען איינגעקאָרטשעטע און צעשראָקענע, ווי האָזן, און עפּעס פאַר-
באַהאַלטן האָבן די מענטשן געקוקט אין דעמער-שיין אריין.

די לייט האָבן פאַמעלעכקע די טירן אויפגעשפּאַרט, שוויגנ-
דיק און מיט פרעגנדיקע בליקן זייערע טרייסלענדיקע דלאָניעס
מיר דערלאַנגט. זייערע שטערנס זיינען, זע איך, געהונצלט, און די
אויגן פיבערן אין די גריבלעך.

מיט אויסגעצויגענע, זינגעוודיקע רייד האָבן זיי זייער טרויער
ארויסגעיאָמערט:

— דער גזלן האָט אויך אונדז דערגרייכט, ווי איז אונדז!

מיין האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

דער ישוב ציטערט. דער גרענעץ-טייך הערט זיך פּאָרכטיק
איין אינם איינגעהאַלטענעם אָטעם פון די מענטשן. די נאַכט רוקט
זיך אָן. זי איז געהיימניספול, אכזריותדיק. ווער ווייסט, וואָס זי
וועט ברענגען?... יענע נאַכט האָבן זיי פון די בעטן ארויסגענומען
טאַטעס פון קינדער, היינט בייטאָג האָט מען זיי מיט געבונדענע
הענט אויף ארונטער ארויסגעפירט פון אַ שטאָל און מיט בייטשן
געטריבן אויף הקפות איבערן פוסטן קיילעכדיקן מאַרק. בלוי-
צעפאַסעוועט זיינען געווען זייערע הוילע לייבער, שוואַרץ-פאַרבאַקן

די ווונדן אויף די פנימער; זייערע פיס, אונטערהינקנדיקע פון די בריענדיקע שמיץ, זיינען אן אויפהער געיאגט געוואָרן מיט פייפנדיקע בייטשן. און די פרייסן, רויט אנגעבלאָזענע פון געלעכטער, האָבן געשריגן:

— אנו, צייגט ווי די עקסע שפרונגיען ווערדען!...

לאנג האָט איבער די געהירן געקלאַפּט דאָס שדישע לאַכן פונם דרויסן. די, וואָס זיינען נישט אַראָפּ פון זינען פון דעם מאַכטלאָזן לויפן, זייען געבליבן ליגן אזוי־אָ, נאַקעטע, צעשונדענע, נישט צו פאַרגלייכן, ווי געשאָכטענע רינדער. עס איז נאָך געפאַלן א הוילער שטעפ אין דער לופט און — אַ סוף!

...פול באַלאָדן מיט סוד האָט דער טייך אין איינער אַ נאַכט מיר זיך פאַרטרויט: „איך האָב צער פון די לייט. איך הער זייער קרעכצן. שרעק זיך נישט פאַר מיר"...

פאַוואָלינקע האָב איך געשלייכט אין ביי־ברעגיקן וועלדל, כ'האָב געלאַסן באַרירט זיינע פייכטלעכע צווייגן, געהערט זיין ברויזיקן אָטעם. פלאַטערנדיק ווי אַ בלאַט, האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ פישער-לאָדקע, אַ פאַרבאָרגענע צווישן קוסטעס. העט־הער האָט אַ האַסטיקן כליופּע געטאָן — ס'האַרץ אין מיר צעהילכט זיך — און ס'האָט מיך געטראָגן איבער כמורנע, קילע וואַסערשוועלן.

פראָסט־טוי האָט באַדעקט די שטיפּע, נידריקע גראָזן אויף דער צווייטער זייט בוג, און דער הימל, אַ פייפנדיקער, האָט מיך, אַ שווייס־באַגאָסענעם, בלינד געשטויסן אין נעפּלדיקער אומענדלעכקייט אריין.

פאַר מיר איז געלעגן נאַכט, זי האָט אין קויטיקן גרוי אנגעקלײדט די פינצטערע ערד, הינטער מיר — דער סודותדיקער, דער צאָרנדיקער און גוטער טייך.

.4

כ'האָב זיך ראַפּטעם געטראָגן דורך אומבאַקאַנטע שטרעקעס. כ'בין ממש געלאָפן. כ'ווייס נישט פאַרוואָס, אינעווייניק אין מיר

האָט אַלץ מיך אונטערגעטריבן: „אַנטלויף, אַנטלויף!" און די פיס האָבן, דאַכט מיר, צו שווער זיך געהויבן. כ'האָב באַדאַרפט שטאַרקער לויפן, ווי כ'בין געלאָפן.

ס'האָט אויסגעבראָכן דער טאָג. פון די פעלדער האָבן פּיצינקע הייזלעך זיך אויפגעהויבן, ביימער האָבן פון דער ערד זיך געשטרעקט, אויסגעטשוכעט זיך, און אַ הוקען פון לײדיקע וועגענער האָט זיך געטראָגן פון ערגעץ אינדערנאָענט.

—אַ שליאַך!... אַ שליאַך!...

אין מיר איז פּלוצלינג אויפגעקומען אַ נייע שפּירונג. איך האָב שוין נישט מורא געהאַט אויסצוקערעווען דעם בליק. בלוילעכער מרחק האָט מיר נייגעריק נאָכגעקוקט. איך האָב די אויגן רעכט פאַנאַנדערגעעפנט. מיטאַמאָל האָב איך פאַרנומען דאָס געזאַנג פון נייע וועגן, פון לעבעדיקע ישובים. אָ, אָ, טעלעגראַףסלופּעס ברומען אַזוי. אַ ברונעם סקריפּעט, דאָרפישע לייט צמאָקען צערטלעך צו זייערע געפּיעשטשעטע בהמות, מאַמעס פאַרפּעקלען אין טיכער זייער קליינוואַרג. אָ, דוהעס איבער פערדישע קאַרקן אויף ברויטיקע טראַקטן!

אַנדערש-לאַנד!

און אַ סטאַנציע. אָט איז איר ברייטער ווייסער געביי. אומעטיקלעכער געפילדער טראָגט זיך פון איר, אַ קילבלעכע היימלעכקייט אַזאַ, וואָס דערמאָנט אין מענטשן ערגעץ פאַראַנענע, ערגעץ בלאָנקנדיקע. רויך-קרייזן איבער אַ הייזקע, וואָס איז פאַרוואָרפן אין אַ מדבר, ווי אין אַ מעשהלע. ווי נאָגנדיק דאָס רעדט צום געמיט. איך דערזע מענטשן, מענטשן! עס ווילט זיך אַ שריי טאָן פון פרייד, און איך דערשרעק זיך פאַר זיך אַליין — —

מוז זיין, איך בין ערשט דעמלט אויפגעקומען פון אַ לאַנגאַניקער געפּלעפטקייט. איך האָב גענומען איילן, און די שאַרפע קעלט, וואָס האָט נאָר וואָס געבלאָזן אין פּנים אַריין, איז נישט געוואָרן. די באַקן האָבן מיר געגליט. אויפן רוקן האָב איך דערשפּירט דאָס העמד אַ צוגעקלעפּטס צום לייב.

אזוי פיל מענטשן זיך אנגעזאמלט אויף דעם קליינעם סטאַציע-לע! אלע מיט פעקלעך, אנגעהאנגענע אויף די פלייצעס. פון וואנעט, ווו ארומעט!.. אבי איך האב געמיינט, אז איך בין אייבער אליין אויף די אומוועגן דא.

קינדער, וואס האלטן זיך באַענט ביי זייערע מאמעס, קוקן זיך איין אין מיר מיט שלעפעריקע פנימלעך. אזא מאדנער, טראכטן זיי אוודאי. דערנאך קוקן זיי אין דער ווייט, וועלכע עפנט זיך העל, העלער, מיט פארנעפלטן בלענד, ווי אין טיול געהילט. אהינצו לויפן אוועק בלאנקנדיקע רעלסן. זיי לויפן און פארלירן זיך דין-דינעקע.

און די שיך קלעפן זיך צו צו דער פרירנדיקער ערד.

קוקנדיק אין דער ווייט, רופן די מענטשן אין דער ברומעדיק ווייסלעכער לופט אריין:

— מען זעט נישט, מען הערט נישט!...

— פארשפעטיקט אוודאי, דער פאיעזד!

אין מיין אויער-לעפל האט א שפין זיך ארייגעפלאנטערט:

— א בעזשעניעץ... א בעזשענעץ...

האב איך זיך אומגעקוקט, געזען, אז מיך מיינט מען, האב איך צוגעשאקלט מיטן קאפ. דעמלט האט א ידענע, אן איינגע-פעקלטע אין גראבע טיכער, כמעט א געשריי געטאן:

— כ׳גלייב נישט, — האט זי אויסגעצויגן די ווערטער — אנע זאכן? אין בלויזן פאלטנדל?

— יא, — האב איך געוויגט מיטן קאפ, און די ידענע האט זיך אויסגעקניפט די באקן:

— מאנע שונאים! — און אין א רגע ארום:

— אזא הולך, וויי-ווי!...

כ׳האב נישט באמערקט ווי אזוי דער המון איז אויסגעוואקסן ארום, אין קרענצלעך זיך געשווארצלט.

— בר-ררר! — איז א ייד מיט בארד און וואטעגעם קאפטן

ברייטלעך מיר געקראָכן אין פּנים אריין, און זיינע ליפּן האָבן אויסגעקלאַפּט דעם אומהיימלעכן זמר פון קעלט און עלנט. איך האָב געהערט דאָס מגושמדיק ריטמישע פּויקן פונם יידס שיך און מיר האָט זיך אויסגעוויזן: דער מענטש רעדט אין דער וועלט אריין, כאָטש זיינע רייד האָבן דייטלעך אָנגעשלאָגן אין מיר:

— מע טאָפּט אַ וואַנט, חבר!

חבר... דאָס האָט מיך אַ נעם געטאָן פאַרן האַרץ. אין דעם קאַלטן, פרעמדן באַגינען בין איך ווידער קינד געוואָרן. כ'האָב געדאַנקלעך זיך געטוליעט צו אַ יעדן פון די אַרומשטייענדיקע, כאָטש מיינע עטוואָס פאַרווייטע אויגן האָבן רעכט קיין פּנים נישט אונטערגעשיידט. כ'האָב זיך נישט פאַנאַנדערגעקליבן — פאַרוואָס. אפשר, ווייל עלנט איז האַרט צוגעטראָטן צו מיר, צי ווייל מענטשן האָבן מיך דערמאָנט אין דעם, וואָס עס איז אינדערעמתן: די היים, אַ פאַרלאָזענע אין דחקות, דעם וועג, וואָס איז פול לויער. אַלץ, איז דורך בייזוועגן ווידער אָנגעקלאַפּן, דעם שלעפעריקן מוח געצופּט:

„זעסט, זעסט? דו ביסט אַ בעזשענעץ".

„דער דאַך איבער דיין היימישער שטוב איז דורכגעריסן פון באָמבעס. רויך־פענדזל האָט די פרידלעכע ווענט מיט חשכותדיקע אוזאָרן, אויסגעשמירט, פלאַמען האָבן די ליכטיקע פענצטער אין שטשירבדיקע נעסטן פון בייזקייט פאַרוואַנדלט. עס שרייען אין יאוש פון פאַרגאַנג מענטש און שאָף און עוף. די ליבלעכע איז אודאי נישט צו דערקענען. זיי שלאָפן נישט אין די נעכט, נעמען נישט דאָס מינדסטע אין מויל אריין. דער עיקר דער טאַטע. זי, די מאַמע, קרעכצט כאָטש אויס אירע יסורים. אַלעמען וואָלטן זיי געוען פאַרזאָרגט. מיין טייערע, מיין נשמהדיקע מאַמע. אין זיך גופא פאַרגעסט זי".

אַנטקעגן שפּרינגט דער ייד אויף די פרירנדיקע פיס, דער ייד מיט די פאַרזשאַווערטע האָר־פּאַטלעס; ער מורמלט, פלוידערט, און פלוידערנדיק רייסט ער פון מיר מיין לעבעדיק לייב.

מיין האַרץ האָט זיך אין מיר אַזוי צונויפגעפרעסט, אַז אַ היי-

סער טומאַן האָט פאַרגאָסן מיין בליק. איך האָב רחמנות געקריגן אויף דעם מענטש, וואָס האָט ביטער געטאַנצט אין דער מוטנער פרימאָרגן־לופט. ער איז אוודאי אַ קראַנקער. די פנים־הויט אַזאַ דינע, אַ פאַפּירענע. איך האָב מיטליידיק געקוקט אויף אים. אַלץ האָט מיר ווי געטאָן איצט: סיי די וועלט, אַן ארויסגעשטעלטע אין הוילן דרויסן אויף בלוטיקער פיין, סיי די היים, אַ פאַרבליבענע אויף הפקר, און זי קומט אום אין דער שרפה פון שלעכטס.

אַלץ, אַלצדינג איז מיר אַ שאָד געווען אין דעם זשמורנדיקן אינדערפרי, וואָס האָט אויסטערליש ניי געמיניעט מיט ווייטקייט־רייך.

.6

ווידער אַ סטאַנציע. מענטשן, מענטשן און געפעק — אָבער פּעמאָפּאָרן?... צו וואָס קעמאָפּאָרן? מען מוז דאָך לויפן...

„וואַרט, באַזין זיך, ס'איז אַ מינוט אַ חשבון־הנפשדיקע", — טומלט עס אין מיר.

רגעס אַזעלכע, און איך האָב געוואָלט לויפן, אַנטלויפן פון זיך. גלות!

נאָר אָנגעקומען דער צוג, — געפילדער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אימפעט — איז דער גאַנצער קנויל טרויער אויסגעוועפט געוואָרן.

געווען אַ נעפל און אויך דער נעפל איז נישטאָ.

...דער צוג האָט מיך און אַלעמען איינגעשלונגען, ווי אַ זידנדיקער ושט. אַן אַנטבלויזטע האָט די בענקשאַפט פון מענטשישע אויגנאַפּלען אַרויסגעגליעט. לאַנג און פאַרטראַכט האָט מען דאָ פּאַפּיראָסן געדרייט פון צייטונגס־שניצלעך. עס האָט געשמעקט מיט בערעזענע ליולקע, מיט שטאַרקער מאַכאָרקע. אין די פּראָסטע, אָפענע פנימער פון רויט־ארמייער האָט דער הימל־בלוי זיך געשפיגלט.

שטומער טרויער האָט זיך געצויגט איך באַלעבטע וואַגאָנען.

— פונם דייטש?... באַנדיטן אַזעלכע! הינטישע זין!

אין הודזשעניש פון גייענדיקע רעדער האָבן גראַב-הענטיקע, קאַרענע מענטשן מיט ליבלעכן שמייכל איינגעשטילט וויינענדיקע קינדער.

— כ'האָב אויך אַזאַ ברעקעלע, אין וויגל געלאָזט. מאַראַט הייסט מיינער. ווי רופט מען דיך, יינגעלע? — האָט איינער אין אַ לאַנגן פעלץ, אַרומגעוויקלט מיט אַ רימען, צו אַ קינד אַ פליט זיין פּאַטערלעכן בליק צוגעפירט: אַ? סקאַזשי.

פון דער טיף פון וואַגאָן-ענגשאַפט פאַרנעמט מיין האַרץ, וואָס טאַמלט נאָך רו:

— ...צום בוג האָט מען זי געטריבן, דעם וויינענדיקן פּיצעלע נישט געלאָזט געבן זויגן. ביים סאַמע ברעג האָבן די רוצחים דאָס עופּהלע פון אירע הענט אַרויסגעריסן, עס אַ שלידהער געטאָן.

— אוי, ווי מיר! — האָט אַ קוויטש פּלוצלינג דורכגעריסן דאָס הודזשעניש, און עמעצער האָט האַמעטנע געצויגן:

— זי האָט עס נישט אויסגעהאַלטן, זיך אַ וואַרף געטאָן צום טייך נאָכן לעצטן פּישטש פון איר קינד!

— הערט, מיין ברויזעלע היינט...

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. גייענדיקער גרויער שיגנל און גרויער הימל זיינען זיך אַנטקעגנגעגאַנגען.

און מיך האָט געבייטשט בהלהדיקער יאָמער פון אַ מוטער, וואָס איז פון זינען אַראָפּ: „הערסט, ס'וויינט..."

7.

אויף דער באַן־סטאַנציע, וואָס [illegible] דעם וואַלדישן אומרוּ, איז געשטאַנען אַ בעלאַסענער, עפּעס היימישלעכער טומל, בלויז אַרום האָט געשריגן אַ פּוסטער ווינט, ס'האָט געהוילט וועגלאַזיקייט. דאָ איז דער טומל געוואָרן אַ פּילגאַרגלדיקער, האָט צוגיפּגעמישט פּנימער און געריזלט מיט אימפּעט און געדראַנג.

דאָ האָט זיך געדוכט: איטלעכער וויל דאָ אָפּריער זיך אַרויס־כאַפּן פון אַ זינקעניש, און אויך איך ווער באַוועלטיקט פון דעם דאַזיקן כוח.

ווען עס האָט מיך אַרויסגעטראָגן אויפֿן מאַרק־פּלאַץ, האָב איך געמיינט: דער מאַרק גיסט זיך אויס פֿון מענטשנפֿולקייט, ווי אַ טייך גיסט ער זיך אויס בעתן צופֿלוס. אַזאַ רוישיקע איז די שטאָט, וועלכע איך האָב באַטראַכטן, און דאָך — איבערלעך באַרויקט האָב איך זיך דערפֿילט אויף אירע כוואַליעס. אַ נידריקער הימל איבער איר, און אַ פֿלאַטערנדיקע רויטע פֿאָן, אַן אַריינגעשטאָכענע אין זיך מאַט־פּערלמוטערנעם, קוים שווימענדיקן געצעלט.

... שווער צו באַזינגען, וואָס עס איז געשען! די מענטשן זיינען מענטשן, זיי גייען, רעדן, זיינען לחלוטין נישט אויפֿגערעגט.

אַ רויטע פֿאָן!

וועק זיך חלום!

...די מאַמע איז אַן איבערגעשראָקענע. וואָס איר דוכט זיך אַלץ, דער מאַמען: דעמאָנסטראַציעס, בלוט אויפֿן ברוק, טורמע... אַ טבע זי האָט! רק זי „טראָגט אַוועק די שיך צום שוסטער"! ...און שטענדיק אַזוי, ווען מען ריכט זיך אויף עפּעס. צי ס'איז פֿאַרן ערשטן מאַי, צי פֿאַר אַ מאַסן־שטרייק. ווײ, געוואַלט! נישט אויס־צוהאַלטן פֿון איר מורא, און איר פּנים ווערט איינגעשרומפּענער, אַש גרין ווערט זי פֿון בלאַסקייט. אַ געוווינהייט — די שיך צו באַהאַלטן...

— — — כ'בין ווידער געלאָפֿן. רק עס ווילט זיך אַנטלויפֿן, פֿון זיך גופֿא אַנטלויפֿן, כדי דער אומעט, וואָס זויגט מיט האַרטע, שלאַנגישע ליפּן זאָל דיך ענדלעך נישט דורכבייסן.

אין אַ געסל, וואָס האָט ווי אַ צונויפֿגעקוועטשטע קני קרומ־לעך זיך אויסגעבויגן צום קאָכיקן מאַרק, האָב איך אַ מענטש באַ־געגנט. נישט ווילנדיק זיך אָפּגעשטעלט, אומגעקוקט זיך אויף אים. יענער האָט זיך אויך אומגעקוקט.

— ס'האָטן אַ זעץ געטאָן אין האַרצן, — האָט ער געזאָגט: — אַזאַ קענטלעך פּנים.

— טאַקע... — ציטערן אויס מיינע ליפּן.

א פארלעגנהייט. דעם דינענקן פאדעם פון צעשויבערטן געדאנק איז בשום-אופן נישט אנצוכאפן: נישט ער, נישט איך. אין דעם:

— דורך שעדלעץ, צי מאלקין?

כ'האב געשפירט, ווי די אויגן זייגען מיר פון קאפ ארויסגעקראכן, איינקוקנדיק זיך אין די ציטערנדיקע קינען פון דעם, וועלכן איך האב פון ערגעצוו מיטגעטראגן אינם פיבערנדיקן שיין פון מיין זכרון.

— דעם וועפּוש האב איך געשווארצט... לובלין, כעלם. הונדערטער קילאמעטער דורכגעשפאנט. בלאטעס, זומפן, אומוועגן אויסגעמאסטן. איר זעט? די פיס, ווי קאנען.

— מיטגעמאכט... — האב איך אראפגעלאזן די אויגן: און פון „דארט" וואס הערט מען?

— מען הערט! בעסער אזוינס נישט צו הערן... געלע לאטעס געווען ווינציק. א גוטא דערלעבט, שטעכיקע דראטן, ווי טראבטעס אין ענגשאפט אלעמען אריינגעווארפן.

„ווו וועט מען אונזערע היימישע געפינען?" — האט מיך א קארטש אנגעכאפט ביי דער ברוסט.

— איך פרעגט עפעס?

איך האב שוין גארנישט געפרעגט. כ'האב דערשפירט: פארחתמעט דאס געוועזענע.

— מ'זאגטעך: מענטשן גייען... בריוולעך פירט מען אוועק אנגעגאסענע, כמאריקע, נאר ווארעמע ווי זומער-רעגן, זייגען געוועזן זיינע רייד. זיי האבן מיך אי דערמונטערט, אי געפאטשט איבער פנים ווי זאווערוכע. ס'טייטש? א בריוול אהינצו! א קלייניקייט: וויפל מע קלערט איבער אינדערהיים! און חנהלע?... אזא וועג, אזא צייט.

דער שמועס האט מיך אנגעשטעקט מיט עפעס אומפארשטענדליכס, מיט אן אומרו, וואס דער מענטש האט גערן אין מיבוטן פון גרויסער נויט. איך האב אין דער רגע דערשפירט אזוי, ווי מען וואלט מיך אנגענומען ביים ארעם און ערגעץ אוועקגעפירט.

כ'בין אַוועק פון דעם אומבאַקאַנטן-באַקאַנטן, ווי מיט אַ אָנגעצונדן ליכט אין געמיט. ס'איז מיר עפּעס מיטאָמאָל גרינגער געוואָרן, און פון די אויגן איז די מידקייט אָפּגערונען.

אָוונטלעך. שאָטנס פון מענטשן, פון שטיל אַראָפּגעזעצטע הייזער האָבן אין מיר קראַפט אַריינגעטריבן — אַ כוח, וואָס קומט פון איבערפלוס פון פאַרלוירנקייט, פונם חוש פאַר זעלבסט-דערהאַלטונג. כ'האָב זיך גענומען איילן, כאָטש כ'האָב נישט געוווּסט, אַז איך אייל זיך. איך האָב זיך מאָדנע אַנדערש געפילט. אין מיר האָט אויפגעברומט אַ נאָמען, אַ נאָמען פון אַן אָרט, וווּהין ס'האָט מיך מטושטש געלאָקט. דאָרט איז רו... און מיין געביין איז אַזוי אויסגעבענקט נאָך שלאָף, שלאָף.

.8

אויף הוילע הילצערנע טרעפּן גליטשט זיך אַ פוילע שיין. חרכשטופּנדיק זיך, גייען מענטשן אין ענגעניש אַרויף-אַראָפּ. זייערע פּנימער זיינען אין שיטערער דעמערונג צעשווומען. כריפּענדיק קלינגען זייערע רייד. די טרעפּן-ווענט גלאַנצן פייכט און קאַלט. אין קויטיקער פייכקייט זינקען די אומזיכערע טריט. די לופט איז טוכלע, בעפּלדיק, ווי ס'איז דער אוונט, וועלכן איך האָב געלאָזט אין דרויסן.

אין דער קלעפּיקער פּאַרע, וואָס האָט אַרויסגעדרונגען פון אַ צעעפנטער טיר, האָב איך פּלוצלינג דערפילט אַ פריקרע שפּירונג, גלייך אַ וואַלד גזלנים וואָלטן בעגאַנגען אויף מיר. ס'האָט מיך אַ טרייב געטאָן.

מיט די הענט אויסגעשפּרייט אין דער קוועלנדיקער פינצטערניש אַריין, האָב איך זיך אַריינגעשניטן אין אַ שוואַך-באַלויכטענעם וואַרעמלעכן חלל.

אַ בית-המדרש. אַ צוזאַמענווינונג פּאַר פּליטים איז דאָ. בענק און שטענדערס אין רייען אויסגעסדרט. בעדעמפּטע שיין פון קליינע לאָמפּן, זשמורנדיקע פון דער סטעליע אַראָפּ, האָט אָפּגעדעקט דעם אָפּגעריבענעם ברוינעם גלאַנץ פון די כמורע בענק און שטענדערס, וואָס האָבן פול געמאַכט דעם גרויסן רוים. אויסטערליש, איך בין אַריין צווישן מענטשן און — די מענטשן נישט באַמערקט!

דער עמוד, דער ארון־קודש, דאָס פּרוכת האָבן אָפּגעגעבן מיט טריבן בלישטש פון רויט־ פּליוש, פון פאַרטונקלטן גאָלד. לעבן לעכע פלעקן פון דעם דאָזיקן אָפּגלאַנץ האָבן געטריפט איבער מיינע וויִעס. אויך אויף די טונקל־געמאָלטע, ערטערווייז אָפּגעשיילטע ווענט האָט געטריפט דאָס קאַרגע ליכט פון דער פאַרבליפּטער סטעליע. ס'האָט געקאַפּעט דער אָפּשייַן פון אַלטן פאַרחלבטן געהילץ. אַ קענטלעך ציטעריק קול — דעם זיידע מנחמלס פאַרבלאָנדזשעטע קול — האָט איבמיטנדרינען אָנגעשלאָגן אין מיין געדעכעניש:

„אשרי יושבי ביתך”...

איך האָב זיך אַליין נישט געפונען. אַן אומגעזעענע האַנט האָט זיך ערגעץ אויף אַ לאַנג אַטראָפּירטן געפיל צוועקגעלייגט און אַ טרער פון מיר אַרויסגעקראָגן. אַ רגע אַזאַ. איך בין צוריק געוואָרן הערש־בער, דער זון פון פשוטער היים: אַ ניכטערער און צו ווייכהאַרציקייט גענויגט.

מיינע אויגן זיינען נאָך צום מוטנע ליכט געווען געוועַנדט. גלייך אַ וואָרקנדיקע טויב האָט זיך אין מיר באַוועגט אַן איבערדריסיקער געדאַנק: „וווהין ביסטו געגאַנגען!” איך האָב דאָס מקום־קודש געזען, און די מענטשן אין דעם נישט דערזען.

ערשט אַ געבריל, וואָס האָט ראַפּטעם אויפגעריסן אַ מענטשנס האַלדז, האָט מיך דערמאָנט אין אַלעמען, ווי זיי ליגן דאָ אין פאַרשמאַכטער מידקייט: כ'האָב אומגערן אָנגעטרעטן אויף עמעצן.

— אַנטשולדיקט! — כ'האָב זיך איינגעבוקט פאַר דעם מענטשנס ווייטיק... — אומגערן...

כהאָב געשטאַמלט פאַר דעם פאַרדעקטן געשווילעכץ אויף מענטשישע פּיס. כ'האָב אין זיך נישט געפונען דאָס וואָרט פאַרן אויפגעוואַכטן געפיל פון יראת־הכבוד פאַרן מענטש, וואָס ווערט צעטראָטן.

— האָט נישט פאַריבל...

וואָס דער מענטש האָט געטראַכט אַ גאַנצע נאַכט, ווייס איך נישט. מיר האָט ווי געטאָן דער טראָט פון מיין געשטרויכלטן

פוס. איך האָב נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן... „ער זאָל נאָר נישט בײַז זײַן”.

9.

אַ נאַכט פון זעלבסטפּײַן איז עס געווען: פאַרוואָס איז זי געקומען אַזאַ עלנט? און חנהלען, די בלום פון דײַן יוגנט, מפקיר געווען! אַ פּנים דײַן גוף איז דיר טײַער־ער! נישטאָ קיין הייליקייטן בײַ דיר. יאָרן אָפּגעהאַרעוועטע, אויסגעפּיעשטשעטע און געלײַטערטע — צו וואָס זײַנען זיי געגליכן? — —

נאָך ווינציק שטיקער לײַב איז פון מיר געווען אַרויסגעפליקט!

און אַז איך האָב די אויגן געשלאָסן — אַזאַ מין אָנמאַכט מיט לײַכט פאַרוועבטע אויגן איז עס געווען — האָט ווידעראַמאָל אויף מיר זיך אַרויפגעוואָרפן די געליטענע היים. אַ פאַרטאָמלטע האָט די היים זיך געצויגן צו מיר מיט האַרצרײַסנדיקן געשריי: „ווו לאָזטו אונז איבער? זע! אַלץ, וואָס לעבט נאָך, מאַכן זיי חרובֿ ונחרבֿ”.

— — די היים איז טונקל, פינצטער געוואָרן. די זון האָט קרענקלעך זיך געטיקט און האַרבסטיקע וואָלקנס. און זי וועט נישט נישט אויפגיין, בײַן.

דער באַגינען איז אַוועק אין מאָרגן־לאַנד, וואָס איז ווײַט, ווײַט. דער פּשוטער טאַטע, די מאַמע, וועלכע קלאַמערן זיך אין שטענדיקן בטחון, זיפצן שווער: „זונעשי, קום צוריק”... זייערע אויגן, זע איך, זײַנען פאַרגלייזט, די פּנימער — משנה־צורה. איך פאַל צו צו זיי אין קינדערישער ילל: „איך בעט אײַך, צערנט נישט אויף מיר!”... איך שטיק זיך מיט וואָרט, וואָס כ'האָב נישט אַרויסגעבראַכט בײַם אַוועקגיין פון דער היים: „מײַן לעבן הענגט אין אײַך, ליכטיקע! האַלט זיך מיט חנהלען. איך בין נישט שולדיק”...

איך ביק זיך פאַרגאַנגען אין שטיקנדיקן שלוכץ.

— הערשל, הערשעלע, ווו ביסטו? — האָט זיך דורכגעריסן צו מיר דער באָבעס רוף, וואָס ציטערט איבער מיר, ווי פאַרצאָגטער

וינס אין אַן אויפגעריסענער טיר: נישט אָרנטלעך פון דיר, מיין קינד, צו פעלשן אין לייבלעכע טאַטע-מאַמע. איז שוין כולו-צדקה, נעמט מען אַלעמען מיט זיך און מע ראַטעוועט זיך ס'נפש! דאָס נפש איז אַן אוצר, וואָס איז אונז געגעבן געוואָרן אָפּצוהיטן. איז רעכט פון דיין זייט, הערשעלע? גיי, גיי, זיי מפייס די שמאַכטנדיקע עלטערן. זאָלסט האָבן אַ פאַרענטפערניש...

ווען איך האָב מיך אויפגעזעצט אויפן דיל, ווו איך האָב מיר אויסגעבעט מיין געלעגער, האָב איך ערשט דערשפּירט די צעלאָמיעטע גלידער. כ'האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז מיין יעדער אבר ליגט אויף אַן אַנדער אָרט. איך בין מיד, אַזוי מיד. כאָטש בלאַסלעכע טונקלקייט האָט זיך נאָך דורכגעזייט דורך די פאַרליאַפּעטע שויבן, איז אין גרויסן רוים פון בית-המדרש שוין געשטאַנען אַ געזשומעריי. כ'האָב זיך ערשט אַרומגעזען: יונג און אַלט איז דאָ אויסגעצויגן. אויך אויף בענק און טישן, מיט פעקלעך זאַכן אונטערגעבעט, און צוקאָפּנס — פאַלטאָס, רעקלעך. ס'זיינען געווען פרויען, און ס'איז אָנגעשוועמט אַ געוויינעדיק קולכל פון אַ פּיצל קינד, אַן אויפגעקומענס פון זאַנפטן שלאָף. סילועטן האָבן פאַראַליע זיך באַוועגט פאַר מיר, רויך-געשטאַלטן, שפּרינגעדיקע איבערשלאָפנדיקע, שווער-אָטעמדיקע בערגלעך. ווען אַ גרינלעך אויסקלאָרנדיקער פרימאָרגן האָט זיך געשטעלט אין די קעסטלדיקע פענצטער אריין, האָב איך שוין אונטערגעשיידט באַזונדערע פּנימער. מידע, אויסגעלאָשענע געזיכטער, כאָטש זיי האָבן לעבהאַפט זיך באַוויגן, און פון זייערע שטימען האָט זיך געטראָגן ענערגיע, עקשנות. אַ ווײַלע, און איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון טרוים און וואָר, און, אין פייגל פאַרוואַנדלטע, האָבן די מענטשנס רייד זיך געקרייזט פאַר מיר. די אויגן האָבן זיך ביילעך געקלעפּט, כאָטש כ'בין אַזוי-אַ געזעסן אויפן דיל און די וויעס אויפגעהויבן. שטיוול, שטיוול אין ליים איינגעטראָטענע האָבן געקילט מיין בליקצעקרימטע אָפּצאַסן, צעפּאָרענע פרויאישע שיכלעך אויף הויכע קנאַפּל, זע איך. אַן אויסגעבליאַקירטע, מיט ווייסן פאָדעם געצירטע-וועטע וואַטענע וועסט, אַן אַרויסגעוואָרפענע אויף אַ שלאַבריקן זו-

מער-מאַנטל. אויף ווייבערישע פּיס — צעפּאַלענע זאָקן, טייל אין שמאַטעס געוויקלט. לאַטעס משונהדיקע; חוזק-שריי און זייערע קאָלירן, אין דער אָפּגעלאָזנקייט פון יונגע פּלייצעס. גרין-סאַמעטענע איילנבויגנס־פּלאַסטערס אויף מאָדישע מאַנטלען, גראָ-ברוינלעכע מיט רויטע גרייפּלעך. אַ מיידל, אַ שוואַרצחנעוודיקע, מיט צעפּ, ווי אַ קראַנץ איבער די שלייפן טראָגט זיך אַדורך אין איין זאָק אַ פּראָסט-געשטריקטן און אין אַ צווייטן — אַן אַראָפּגעשנודענעם פון איר שלאַנקער, גראַציעזער קני.

לאַנד, מיין לאַנד, פון וואַנען דער-אָ וואָגל-לבוש אויף די יונגע, שטאַלטנע טעכטער דיינע? דער מוח ווערט מיר צעשפּרונגען פון קלערן; אַלץ שרייט אויף אין מיר: וואָס און ווי אַזוי איז עס געשען? אין מדינה-גייער איז רייך מיין געבוירן-לאַנד. בעטלער מיט צלמים אויף די האַריקע האַרצבערעטער, מיט טומאה-שפּרוך, מיט קלויסטער־ליד אויף זייערע פּאַרדריפּעטע ליפּן; משולחים פון אָפּגעברענטע קהילות, צדקה-קלייבער פאַר צאַנקנדיקע ישיבות, פאַרגעסענע למד־וואָווניקעס, נדן-זאַמלער פאַר אויסגעשטאַנענע בוגרתן, מגידים און טרויערער פון יענע-וועלטיקע היכלות. די-אָ בין-השמשות־אורחים זיינען דאָך נישטאָ צווישן די פּשוטע ברויטעסערס, וואָס זיינען געקומען אַהערצו. יענע זיינען געבליבן שטעקן אין זייערע היימען, וואַרטן אויף אַ נס. דאָ איז יונגוואַרג, דאָ זיינען די ערדישע, וואָס זיינען געטריבן געוואָרן פון לעבנס-אימפּעט. דורשט נאָך אויסלייזונג האָט זיי געבראַכט. זיי! הונגער, דערנידערונג האָבן געיעלהט אויף די שליאַכן פון פוילן דער שוואַרצערדיקער. דער פּאַן האָט געוואָלט אויף אייביק פּאַן בלייבן. חזירים־טרייבער און ציגנז-צאַלער האָט דאָס פּאָלק געמוזט זיין ביים פּריץ. נאָר אין בעטלער-קלייד האָט מיין פּאָלק נישט געוואָלט זיך אָנקליידן. איך ווייס זיין יום־טוב און ווייס זיין טרויער. שנאָרער זיינען געווען חרפּהדיקע לייט אין מיין געבוירנלאַנד. אָרעמעלייט ווי מיין טאַטע, מיינע ברידער, זיינען שטאָלצע אָרעמעלייט געווען. אַז נויט האָט געפּרעסט זייערע געמיטער, זיינען זיי געאָרעמט אַרויס אין די גאַסן.

## 10.

די היים האָט ווידער אָנגעקלאַפּט אין מיין געמיט. צער פאַר די איבערגעבליבענע דאָרט האָט איך מיר געברענט. כ'בין אַרומגע־גאַנגען מיט אַ פאַרנעפּלטן בליק. גאַנצע טעג האָב איך אַרומגע־בלאָנקעט אין אַ טומאַן פון אומקלאָרע, בריאיקע טראַכטונגען. כ'האָב מיטאַמאָל אָנגעהויבן זיך שרעקן, כ'זאָל נישט קראַנק ווערן, און כ'האָב איינצייטיק געבענקט נאָך אַ צעטרייסלונג פון מיין לייב. יעדעס אָדערל אין מיר, יעדער מוסקול איז געווען צעשטאָכן פון שאַרפן ווייטיק. אַ טראָט אויף אַ שטיינדל — און איך האָב אַ ווילדן שפּרונג געטאָן. ס'האָט מיך געוואָרפן אין אַ נעץ פון אָפּגעריסענע, ווייטע, וויסטע קלאַנגען און צעשפּליטערטע, נערוועזע געדאַנקען. די גאַסן זיינען מיר געווען לעסטיק, אויסגעזען פאַרבלאָז, די מענטשן, נישט צו פאַרגלייכן — מוראַשקעס. וואָס ווילן זיי, וואָס טוען זיי? רק זיי לויפן, שרייען... איך האָב געוויכט פון מענטשן, און איך האָב קיין הונגער נישט געשפּירט.

ווידער דאָס בית־מדרש. טריב פאַלט די טונקלקייט אויף מיינע אויגן, אַנגסטלעך זייגען מיר די רייד, וואָס די אַרומיקע זשגייען אויס אין אַנגערוישטן חלל.

די מענטשן אין דער צוזאַמענטווינונג האָבן באַצייטנס „גע־מאַכט נאַכט“, כאָטש שלאָפן איז געווען נאָך צו פרי, מ'האָט זיך פונאַנדערגעלייגט אויף די בענקלעך, געפּרווט איינשלאָפן, נאָר ס'איז זיך נישט געשלאָפן. אין מוח האָט גרויסער טאָג זיך נאָך געראַיעט...

— אונז איז שלעכט — האָט, ליגנדיק מיט פאַרוואַקסענעם פנים צו דער סטעליע אַרויף, אומעטיק געצויגן אַ יונגערמאַן מיט דין אויסגעצויגענע פיס: הלוואַי אונזערע אין ראַדעם נישט ערגער.

ער האָט אַ ריר געטאָן זיך ביישלעפער ביים אַקסל.

— אוי, אוי! כ'וואָלט באַשטאַנען.

— ווי דען? — זיפצט עמעצער אויס.

אַ לעבעדיק בערגל טוט אויף דר'ערד זיך אַ באַוועג:

— מ׳מאַר נישט רוען, מענטשן! — גרילצט לאַנג אָן אַ קול איבער דער טונקלקייט.

— וואָס ׳עסטו אויסטראַכטן? נעמען אַ פור און זיי אַהער־ברענגען?...

— מע דאַרף פּרוּוון...

— פּרוּוו, פּרוּוו! דאָס אַהערקומען איז דיר לייכט אָנגעקומען, צעלייגער?

אייגער בייסט די ליפּן, אַ צווייטער רעדט שוין צו זיך.

— מאָרגן שיק איך אַהיים אַ בריוול. לאָזן זיי קודם וויסן.

— שיקט, שיקט! — רייסט זיך אַריין אַ להכעיסניק: שיקט, שיקט... און איר אַליין, חברים? — ווערט דאָס קול צוגעלעגן, בייסיק — איר זענט דאָ אַהערגעקומען אָפּלייזן זיך די ביינער, די קישקע אָנזעטיקן. אַלדאָס איבעריקע מעג זיין אַ כפּרה. אַי, אַ וועלט גייט אונטער? אַ נאַרישקייט... נאָך מיר — אַ מבול, אמת? עד־כּע־כּע, דער מענטש. ש׳האָבן אַזאַ יאָר, ווי אַ פערד איז אָרנטלעכער, איידעלער!

— אַ נייער פּריידיקער!

— אויף וועמען פּאַרט ער, דער ריסטאָקראַט!?

— נישט קיין אַריסטאָקראַט בין איך. פאַר מיר איז עס נישט קיין תכלית, דאָס לעבן דאָ אויף דערוויל. איך וויל מיט ביידע פיס שטיין אויף אַן אָרט. ס׳איז גוט צו וויסן: דאָ וווין איך, דאָ לעב איך. על איך קענען, על איך שיקן אַ בריוול, אַרויסציִען פון דאָרט די היימישע. כ׳בין דאָך אַ מענטש. איך וועל פאָרן טיפער אין לאַנד אַריין, געפינען אַן אָנשפּאַר. דער ד ע ר ו וי י ל איז אַ קללה.

אָפּגעהאַקט, איבער מיר האָבן זיך געטראָגן די שטילע, האַרבע רייד פון די מענטשן, וואָס זיינען דאָ צונויפגעקנוילט אויף דערוויל, אויף פעקלעך, אין אָנטועכץ. דערנאָך האָט דאָס אָראָפּגעפאַלענע שווייגן קעציש זיך איינגעהערט אין דעם כראָפּען, וואָס האָט ביסלעכווייז פאַרטונקלט די פלעמלעך, וואָס איבער די קעפּ.

יענעם ביינאַכט בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן מיט צערטלעכער

וואַרעמקייט אונטערן האַרץ. די באַנגע טונקלקייט האָט אין מיין בעמיט שוין נישט אַריינגעקוקט. מיר איז גוט געווען אויף מיין עלנטן געלעגער. איך האָב מיינע ליבע געזען. איך האָב צו חנהלען געשריבן אַ בריוו.

דער שיינער חלום איז צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג מיט מיר מיטגעגאַנגען. דאָס וואַרע ליכט און די ליבשאַפט פון מיינע נאָענטע זיינען מיר בייגעשטאַנען.

## 11.

אַ בריוול אַ היים איז געוואָרן מיין חלום אויף דער וואָר. שוין טעג און טעג ווי איך דריי זיך דאָ אַרום און הענג נאָך אין דער לופטן. איך האָב דערפילט אַזאַ נאָגעניש: אַ בריוו, אַ בריוו... און אַלץ איז מיר פון די הענט אַרויסגעפאַלן. איך האָב געקלערט פון „דאָרט", חנהלען האָב איך געשפירט נעבן זיך, איר שטים האָט אין מיינע אויערן זיך איינגעציסטיקט מיט נישט לאַנג געהערטן בעזאַנג, מיט פיעשטשנדיקע רייד. כ'בין כסדר אַרומגעגאַנגען אין חלום. כ'האָב זיך דעם חלום איבערגעגעבן. אָבער ווי לאַנג איז דאָס מעגלעך, אויב די כוחות זיינען גאָר מענטשלעכע כוחות?

איך האָב צוגעגרייט אַ בריוול:

„מיינע טייערע, מיינע נאָענטסטע אין דער שרעקלעכער וועלט! כ'בין בשלום איבערגעקומען. איצט וואַרט איך אויף אייך, און איר זאָלט גיכער קומען! ביים בוג צווייי מעת־לעת אָפּגעלעגן אין אַ פינצטערער שטאָל. די מענטשן ביי דער גרענעץ זיינען שווערע. אַ גלאָז וואַסער — אַ פינפער גילדן. אַ פענעץ ברויט האָב איך איינגעטיילט אויף אַ גאַנצן טאָג. וויל די שמוגלערס צאַמען אויס דעם מארך פון די ביינער. איך שרייב אַלץ געגוי, אַז איר זאָלט וויסן. פון וואַרשע בין איך אַוועק קיין שעדלעץ. פון דאָרט גיים אַ באַן צו דער סטאַנציע „אַמאַיקי". נאָר איך בין געגאַנגען צופוס. מאַנצבילן פּיניקט מען אויף די באַנען. די מיזולמענים רוחן אומעטום אַרום. פרויען, זאָגט מען, קומט עס אָן גרינגער.

פון יאַמאַיקי נעמט מען פויערישע פורלעך. יעדער פויער דאָ איז אַ „שוואַרצער" און אַ רויבער. מ'דאַרף טרעפן אַ שטיקל מענטש צווישן זיי. כ'מיין, טאַטע טייערער, מאַמעליו מיינע, איר זאָלט אַלץ איבערלאָזן און זאַלבעדריט מיט חנהלען ארויס פון דאָרטן. פאַר־זוימט נישט, ווי לאַנג ס'איז נאָך נישט שטייפער ווינטער. זאָל אייך גאָרנישט זיין קיין שאָד. דער עיקר איז דאָס לעבן זיך אָפּלייזן. גייט אַריין אין יאַמאַיקי אין טיי-הייזל, דער אייגנטימער ווערט אַנווייזן אַן אָרנטלעכן אַריבערפירער. נעמט מיט עסן אויפן וועג, וואַרעם אָנטועכץ, פעסטע שיך. מער באַדאַרף מען נישט. מירן פאָרן אויף אוראַל. דאָרט זייַנען גרויסע פאַבריקן און אַ געזונט לעבן.

עס קושט אונז האַלדזט אייך אייער"...

די פּליטים, וואָס האָבן אָפּלאָג אין בית־מדרש, זייַנען פול מיט ריוו, מיט היים־טרוים, מיט קרענקונג. אַן אומזעבאַרע נעץ פון וואָר און פאַנטאַזיע האָט די מענטשן געהאַלטן אין היץ פון סופ־לאָזע טראַכטונגען.

— — מ'וועט זען... ביי איטלעכן פון זיי איז יעדע טאָוונג, וואָס מ'האָט געטאָן דאָ, אין רוישיקן קרענצל, צי אינדערשטיל, געווען אַן אָנהייב, וואָס האָט געלאָקט מיט גרויסן צוזאָג. יעדער איז געווען פאַרנומען מיט עפּעס שטאַרק פאַרבאָרגנס. ביי מיר, פאַרקערט, האָט זיך גאָרנישט נישט געקלעפּט. דאָס בריוול אהיים האָט מיר דעם גאַנצן מוח פאַרטומלט: ווי אַזוי שיקן, מיט וועמען שיקן? און וועמען פרעגט מען? כ'האָב מורא געהאַט פאַר די מענטשן מיט די סודות.

פרעמדע לייט, קיינמאָל נישט געזעענע אין דער בית־המדרש־דיקער צוזאַמענוווינונג, ווו מ'האָט יעדן פאַרטאָגס געדאַוונט מיט מבין, האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן. זיי זייַנען געקומען אויף גיך און אַוועק מיט עמעצן פון די שכנים אין פינצטערלעכן פיר־הויז אַריין. קלעפּיקן בליק האָבן איבערגעלאָזן די דאָזיקע געסט. זייערע שעפּטשנדיקע שמועסן הינטער דער טיר האָבן מיך באַ־אומרויקט.

שמוגלערס. פאַרדעכטיקע פאַרשוינדלעך. אַ שרעק צו הויכן מיט לייט, וואָס האָבן מגע־משא מיט אַזעלכענע!

נאָכן אַוועקגיין פון די אומבאַקאַנטע איז פאַרבליבן אַן אַנגע־שטרענגטע שווייגעניש אין דער צוזאַמענווינונג. מיטאַמאָל האָט עס זיך געוואָרפן אין די אויגן, אַז אַרום איז געוואָרן האַלב-ליידיק. די ליידיקייט איז געווען אַ קאַלעמוטנע: צווישן די טונקעלע, הוילע ווענט מיט די שערבנגעס צעראַצטע, אָלטפאַרחלבטע בענק, וועלכע האָבן ווי געריטן איינע איבער דער אַנדערער, איז דאָס שווייגן געפאַלן אַן איבערדריסיקס. איינער האָט געקוקט אויפן צווייטן, יעדער האָט געוואַרט אויף יענעמס אַוועקגיין. סוף־כל־סוף האָט אַ שפּיץ פון אַ בלייפעדער זיך גענעצט אויף אויסגעשנאַבלטע ליפּן, אַ שטערן האָט זיך פאַרקנייטשט און ווערטער אויסגעזוכטע, לאַנג־פאַרגעסענע, זיינען שטומפּיק געפאַלן אויפן פּאַפּיר. אַזוי אַרום האָט מען פאַרבאַהאַלטענערהייט געשריבן אויף אַ באַנק, אַזוי האָט אַ צווייטער — קיינער זאָל חלילה נישט זען — זיך פאַרבאָרגן מיט אַ בויגעלע פּאַפּיר, וואָס האָט זיך מיט בויט־שוויס אָנגעפּולט מיט צעוואָרפענע אותיות פונעם אלף־בית:

„צו מיין פילגעליבטע און הויכגעשעצטע פרויביילע און קינדערלעך. ערשטנס פון מיין שרייבן" — —

און מיין בריוו האָט אין מיר געפינצטערט, געברימט.

...ווער איז דער פּאַטשטער? ווו ווערט מען געוואָר, אַז אַלץ איז דאָ אַ סוד!

אויפדערנאַכט האָב איך אומדרייסט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט פאַר אַ שכן, אַ שטילן מענטש אַזאַ, וועלכער האָט שוין דעם וויפלטן מעת-לעת געדרוט נעבן מיר אויף אַ פּעקל אָרעמקייט. ער איז גע־לעגן מיט פאַרפלאַכטענע הענט אונטערן קאָפּ און נישט גערעדט צו קיינעם.

— אַ בריוול, ווען איך קען אַזוי, — האָב איך מיטאַמאָל אַרויסגעשטאַמלט.

— אַ בריוו אַהיים? — האָט ער מיט פאַרוואונדערונג אַ צי־געטאָן דעם שטערן און אין פאַרטראַכטקייט די גאַנצע פּנים-הויט

צוזאַמענגעצניגן ווי אַ האַרמאָניע: אַלע שיקן בריוו — האָט ער דערנאָך געזאָגט, — פאַר אַ מאה באַזאָרגט מען...

— אַ הונדערטער? ווען אַפילו מערער! — האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אין מיין שטילן שכן.

צומאָרגנס האָב איך זיך געטראָפן מיטן בריוו־טרעגער. ער ווייס געמיינט, האָט ער געזאָגט: ער גייט טאַקע אין יענע קאַנטן. שוין אַמאָל זעקס גייט ער אַהין און צוריק און, הלוואי ווייטער, ס'איז געבענטשט געשען. אָפּגעגעבן און אַ קוש אין קאָפּ אַריין געקראָגן פון יעדן. איר קענט זיך נאָכפרעגן.

כ'האָב אָנגעקוקט דאָס בריאהלע. אַ ייִנגל קליין און דאַר, אַ דרויבעלע פון אַ יאָר צוועלף-דרייצן, קורץ געוואַקסן. ער איז איינגעבאַצן אין שמאַטעס אָנגעטאָן. אַ לאַטע אויף אַ לאַטע. פונעם היטל, וואָס איבער די גראָלעכע אָדער גרינע אויגן, באַמבלען אַראָפּ צוויטלען. אויף זיין אַקסל הענגט אַ טאָרבע, אַ מין בעטלער־זעקל.

דער דאָזיקער פּאָטשטער האָט מיין אויסגעוואָרעמט בריוול צוגענומען און איז אַוועק. אין אים, דעם אויסטערלישן, געבענטשטן ייִנגל אין די טראַנטעס האָב איך מיין גאַנצן אומרו אָנגעהאָנגען. מיט פריש פאַרשנייטע וועגן, מיט וויס-געצייכנטער נאַכט איז ער אַוועק צו דער געפּלאָגטער היים, צו מיין גוטער חנהלען... זיינע קינדישע פּיסטריט האָב איך נאָכגעשפּירט, כ'האָב אויך אין חלום אים באַגלייט. אַ גליקלעך פאַרציטערטער האָב איך די טעג און די נעכט פון זיין גאַנג געציילט און איבערגעציילט.

אין די דאָזיקע נייע קאַנטן מיינע איז שוין געווען פריער ווינטער. שניי און פראָסט. שניי און פראָסט האָבן געווירבלט און געפייפט אין פעלד און אויפן שליאַך און דער בוג — אוודאי שוין אַ געגליווערטער, אַ שנייבאַדעקטער, — זאָל כאָטש מיין שליח נישט שטרויכלען!

איך האָב אין דער שטיל זיין וועג געבענטשט.

# וואַלקנס אין פענצטער

**.1**

פונם הויכן, בלייכן האָריזאָנט לויפט אַראָפּ די לאַנגע גאַס, און אין רעש פאַלט זי נידעריק, נידעריקער, אַזש זי ווערט אין איר פאַמע טאָל דערשטיקט אין אַ פלוצלינגדיקער אומגעהייערער שמאָלקייט.

עס איז דער זשעדנער האַלז פונם כרך — עק אַלטשטאָט און נאָוואָמייסקע. אומאויפהערלעך שטראָמען דאָ מענטשן, טראַמווייען שניידן זיך אַדורך צווישן אינדערברייט, אויטאָמאָבילן און דראָזשקעס קוועטשן זיך אַריין אין דער דאָזיקער באַוועגלעכער ענגשאַפט, און דאָס געשריי פון קויפער און פאַרקויפער און פון דער מסוכנדיקער ענגעניש וויל זיך און אַלעמען איבערשרייען אויף דעם איינעם שטיקל אָרט.

אינגאַנצן נישט אַנזעבאַר האָט אין דעם־אָ זידעניש זיך אַריינגעשפּאַרט אַ שטילע ספרים־קראָם, וואָס איבער איר בײַשטידל איז אויף בלוי־געפאַרבטער בלעך ווייס אָנגעשריבן געוואָרן די פאַמיליע פונם באַלעבאָס: „ראָטענבערג".

איינמאָל פאַר אַלעמאָל, דערציילט זיך, איז פאַרזאָגט געוואָרן דעם באַלעבאָס פון דער קראָם נישט צו בייטן זיין ביינאָמען איבער דער טיר, ווי עס טרעפט צווישן סוחרים, וואָס פלעגן, אין זינד געדערעדט, מאַכן „פליטה", איבערמאָלן די שילדן איבער זייערע גאַנצע און פאַרבאַהאַלטן זיך הינטער פרעמדע פּליצעס.

— מיטן נאָמען ראָטענבערג איז זי אויפגעקומען, דיין פרנסה,

און מיטן נאָמען ראָטענבערג וועט זי, אייה, גיין, דודטשע! זאָלסט חלילה, נישט פעלשן, דוד!

דאָס איז געווען מיט יאָרן, יאָרן צוריק.

דעם קליינעם געוועלבל, וואָס האָט געהאנדלט מיט ספרים, איז נאָכגעגאַנגען דער שפרוך, וואָס טאַטע האָט איבערגעגעבן דעם זון, דער זון דעם אייניקל, אַזוי פון דור צו דור, ווי לאַנג עס האַלט זיך דאָס הויז פון די ראָטענבערגס זינט דודטשען. און די פרנסה איז שטילינקערהייט געקומען צוצורינען.

דער פרומער אָנזאָג פון אַ גוטן יידן האָט געוועלטיקט איבערן פשוטן מענטש, וועלכער איז אַ פאַרצרהטער פאַרצייטנס אַהערגע־קומען פונם דריבנעם מקום אשעיאַקעוו, כדי דאָ צו געפינען זיין אָרנטלעך שטיקל ברויט.

— פאַר אַרויס צווישן מער יידן, טו עפעס אין ידישקייט. וועט דער ריבונו של עולם העלפן...

אַלע זיינע יאָרן האָט דוד ראָטענבערג געציטערט איבער דער פרנסה זיינער און הייליק געפאָלגט דעם אָנזאָג פון ר׳ בער ראַדאָ־שיצער, העם גרויסן רבין פון די קליינע יידן. און איז געקומען די צייט — ר׳ דוד איז אַוועק זיין אייביקן וועג, האָט דעם שטילן ספרים־סקלאַד אין דער טומלדיקער גאַס איבערגעגעבן בירושה זיין זון נתן. נאָך ר׳ נתנען איז געוואָרן באַלעבאָס פון דער ספרים־קראָם ר׳ חיים ראָטענבערג, וועלכער האָט אויך פרום אָפּגעהיטן די עובדא פון מוכר־ספרימניקעס ביי יידן.

אויפגעהויבן זיך באַגינען, האָט ר׳ חיים אָפּגעדאַווענט השכמה, עפעס איבערגעכאַפּט און צו מינוט און צו רגע, ווי דער טאַטע עליו השלום, אַכט אַזייגער אינדערפרי געעפנט די קראָם אויף ראָג באַוואָמייסקע: אַז גאָט ברוך הוא שיקט זיינעם אַ קונעכט אויפן ריכ־טיקן וועג, זאָל ער, חלילה, נישט טרעפן די ספרים - קראָם פאַרמאַכט.

ביי רב חיים ראָטענבערג אין קראָם איז געווען אַן אויסוואַל פון ספרים שונים: פון אַ סידורל מיט קידוש־לבנה־אותיות ביז אַ מגרה־גבוכים, פון אַ מעשה בגימל אחים ביז אַ צאינה־וראינה אויף

ריינעם עברי טייטש, פון אַ שיר המעלות פאַר אַ געווינערין ביז אַ ספר-אגדות אויף היינטיקן לשון־קודש. און געגאַנגען צו ר׳ חיימען אין ספרים־קראָם אַריין זיינען יידן פון די וויטסטע שטעטלעך, יידן וויל־לערנערס און לייט פשוטע, וואָס האָבן דאַרשטיק זיך צוגעהערט צו אַ יעדן מגיד, זיינען אויסגעגאַנגען נאָך אַ דערהויבן וואָרט. אַז אַזעלכע האָבן פאַרבלאָנדזשעט אין דער גרויס־שטאָט, זיינען זיי אַוועק זוכן אַ ספרל פאַר אַ גוט יינגל, וואָס באַגערט ס׳לערנען. דורכגעקריגן זיך אין דעם גרויסן געדראַנג פון באַוואַ־מייסקע, האָבן די פאַרהאַוועטע לייט אויפגעהויבן די שטערנס, וואָס אונטער די שוואַרצטוכענע דאשקעס און געניש.טערט צווישן די בלעכענע שילדן, קלעטערנדיק איינס איבער ס׳אַנדערע: — ווו וועט עס זיין דער סקלאַד ר׳ חיים ראָטענבערגס, אַז דאָ איז טאַקיש נומער דראַסיק?.

די שילדן האָבן געפויזעט, געשפרונגען איבערן אַנגעדראַפּעטן טינק פון ברודיקע מויערן, איבער פאַרפּליאַסקעטן גלאָז פון פאַרשטויבטע אויסשטעל - פענצטער און זיינען מיט שטאָטישער פאַרבלענדעניש אַלע מיטאַמאָל געקראָכן אין די איבערגעלאָפענע אויגן אַריין.

ספרים־סקלאַדעס זיינען געווען אויף נאַוואָמייסקע זייער פיל, אומעטום גרויסע, גערוימע געוועלבער. פּעקלטרעגער, קליינשטעטלדיקע הענדלער און סתם קונים האָבן זיך געשטופּט דווקא אין דעם שמאָלן געוועלבל פון ר׳ חיימן, וואָס האָט זיך פאַרלוירן אויפן פינצטערלעכן ראָג אַלטשטאָט, פון וואַנען עס זיינען אין געפּלאָנטער און געצאַפּל זיך פונאַנדערגעלאָפן אַ צאָל גאַסן:

די זגערזשער מיט דער גאַפּנדיקער, גרויסער רויטער טומאַ, וואָס אַרויף באַרג;

די יידישע גאַס — אַן ענגע, פינצטערלעכע און אַנגעוואָלקנטע מיט אַ פאַרקוועטשטער קעל, פון וועלכער עס האָט זיך כסדר געריסן אַ כאָרכל: „יידן, יידן, קומטס! כ׳גיי אויס״...

איר אַנטקעגנאיבער — די וואַלבאַזשער, אַ געוואַלד־ריס אין דער געדיכטעניש פון דער יידישער געגנט, אַ גאַס פול אומרו פון

גראָשנדיקן האנדל און פון דער וווּנדערלעכער אלטשטאָטישער שול, וועלכע האָט מיט גדלות און מיט טריבקייט געקוקט איבער דעם פארשטאָפּטן סטאַוו, וואָס איר צופוסנס און איבער דעם ליארעם, וואָס שטייט אין דער מוטנער לופט.

...אינדערפרי האָט רב חיים געעפנט די קראָם און אין דער טונקל-שעה זי פאַרמאַכט, געאײַלט צו מנחה־מעריב. דערנאָך האָט ער אין לאַנגער שווארצער קאַפּאָטע בנעימות געשפּאַנט אַ היים. דורכשאַטנדיק זיך די געסלעך, וועלכע ער האָט געמוזט דורכגיין, האָט ר' חיים געקייעט אַ ווייטע, שטאַרע מחשבה. אַהיימגעקומען, האָט ער אויפגעלעבט, געוואָרן באַרעדעוודיק, געפרעגט דעם ווייב, ווי זי שפּירט זיך, אַ גלעט געטאָן דאָס טעכטערל איבערן בעקל און אַ לענגערע ווייל זיך געפּאַרעט דאָ אין אַ שיפלעדל, דאָ ביים ספרים־אלמער.

אויפדערנאַכט האָט די גאַנצע שטוב אַרײַנגעקריגן אין זיך אַ חיות. אין מיטלסטן צימער, וועלכער איז ביז אַהער געשטאַנען אינעם אַפּוואַרטנדיקן טונקל פון אַלטע צונויפגעהאַרבעטע שענק, איז אַנגעצונדן געוואָרן אַ בליצלאָמפּ. די משפּחה האָט זיך געזעצט צום מאַלצייט־טיש מיט אַן אויפגעהייטערט געמיט. מ'האָט לאַנג געזופּט טיי, געשמועסט און בינו־לבינו דערמאָנט דעם שטילן מסחר, וואָס אין דער ווייטלעכער טומלדיקער נאָוואָמייסקע. מ'האָט עפּעס געחשבונט און געשריבן בטחונדיקע בריוו צו קרובים.

אַשעיאַקעוו איז אַלץ נאָך געווען נאָענט. מי־יודע ווו זײַנען געלעגן אַלע אַנדערע מקומות אין דער פּוילן־מדינה. מיטן היימישן מקום איז מען געווען צונויפגעהאָפטן דורך שוועסטערקינדער, פעטערס און עלטער־מומעס, וואָס זײַנען דאָרט געבליבן זיצן ביי קאַרגע חזקה־פּרנסות און אין ירושהדיקע נחלות. אַשעיאַקעוו איז אויך געווען ס'געדעכעניש נאָך אַ טייערן טאַטן, אַ האַרצעדיקע מאַמע. עס איז געווען דער אייביקער יידישער אוצר פון היימישע נאָענטע קברים. האָט מען טאַקע אָפט געשריבן אַהינצו. און דאָס שרייבן ווי דאָס שמועסן וועגן אַשעיאַקעוו איז שטענדיק געווען אַן ענין, וואָס איז טיף אײַנגעבאַקן אין האַרצן. ערשט ווען מ'איז געוועזן מיד פון ליכט און ליבן היימישן רויש, האָט מען געמאַכט נאַכט.

עס איז געווען אַ הויז פון זאטקייט און שלווה, נאָר זון, וואַרעמע פּראַלנדיקע זון און גרויסע פריידן זיינען געווען פרעמד די דאָזיקע קליינע צימערלעך, וואָס זייערע פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט אויף אַ מויער, און די מויער האָט זיך געשיילט, ווי אַ לייב מיט בלאָטערן. די זאכן, ווי די מענטשן אין די שטיבלעך האָבן זיך געפּלעסקעט אין טריבקייט. אַן איינגעגעסענע צוריקגעהאַלטנקייט האָט געווייעט פון אַלעם דאָ. עפּעס איז אַלץ געווען מאָדנע געפּענטעט, קוים באַוועגלעך.

אַ גאַנצן פעליקן טאָג האָט אין דעם הויז אַרומגעשפּרייזט רך, קאַלטע רו, און האָט מען אין די קאלטע וואָכן ר' חיימען גינטראָגן אין קראָם אַריין אַ קרוגעלע באַוואַרקע אויף צו דערוואַרעמען זיך, איז מיט דעם מיטגעגאנגען דער קורצער הויך פון זיין היים: דער גלי פון די רויט־צעגענעצטע קוילן אין אָנגעהייצטן קאָכל־אויוון, דאָס דעמפּנדיקע זידן פונם יויך־טעפּל מיט די אָפּגעשפּרינגענע שווארצע עמאַליע־פלעקן און גיטעלעס ליבלעך פאַרשטאַנדיק נאָכקריכן דער שוואכער מוטער.

— מאַמעניו, לאָז, כ'על אַביסל צוהעלפן.

די מאמע, נישט געדאכט זאָל עס זיין, האלט זיך קוים אויף די שלאַפע פיס, אָבער באַהעלפן באַהעלפט זי זיך נישט מיט דער איינאיינציקער:

— ניטע, טייערס, מ'דאַרף נישט!

עס איז איר אַ שאָד דאָס אָפּגעציטערטע קינד, און זי קוקט איטלעך מאָל פון דער זייט, ווי ס'מיידל זיצט אַ פאַרטועטע איבער אַ געהעפטעכץ.

— אַ לאַכטיקייט, קיין בייז אויג זאָל אויף דעם נישט שולט זיין, — פלעגט אין חיימען אַלץ פריידיק אַ מורמל טאָן.

נישט קיין חידוש: ר' חיימען איז די היים אַן אבר פון זיינע אברים, דערפאַר הערפרייט ער זיך שטאַרק ,ווען ער דערזעט גיטעלען. וועדליג דעם צוקן פון האַרץ דערשפּירט ער תמיד צופריער, אַז זי דאַרף קומען, און יעדן טאָג אין דערזעלביקער צייט דערוואַרט ער זי אין קראָם. באַוויזט זי נאָר אַריבעצוטרעטן די שוועל, באַ־

געגנט זי דער פּאַטער מיט אַ צערטלעך שטומען פרעג אין פאַר־קלערטן בליק:

— הע, דו?

גיטעלע קומט פון דרויסן אַ מין אויפגערודערטע: נאָך נישט אַ קוק געטאָן אויפן פּאַטער, ווייזט זי שוין אַרויס אַ שלל היימיש־לעבע פאַרזאָרגטקייט.

— ווי שפּירסטו זיך, טאַטעשי? ביסט גוט געפרווירן, זאָגסטו? ווי?... עפּעס נייעס? זע, ווי צעחושט כ'בין! כ'האָב דאָך דיר היינט קיין גוט־מאָרגן נישט געביטן. אוי, וואָס פאַר אַן אומלייט איך בין!

די טאָכטער גיט אַ קינדישן צאַפּל אין דער שטייענדיקער בלייערנער שיין, אַזש אים ווילט זיך איר אויסמוסרן:

— שאַ, שאַ נאַראָל!

אָבער די לעפּצן באַוועגן זיך נישט צו דעם זאָג, בלויז די אויגן זיינע שטראַלן אויף.

מבולבל פון דער פרישקייט, וואָס ס'מיידל האָט דאָ אַריינגע־טראָגן, קרעכצט זיך דער טאַטע מיט זיין פאַרלוירנקייט. און זי — צומאָל נאָך נישט אָוועקגעגעבן ס'קרוגל מיטן טרונק, — שטייט זי שוין באָענט ביים טאַטן און קוקט אים וואָרעם אין פּנים אַריין מיט ליעבעדיקע, הערעוודיקע אויגן.. ער הויבט קוים אויף די שווערגעוואָרענע וויעס, דערזעט איר שאַנקייט און ווידער ווילט זיך עפּעס זאָגן. פרייד פּולט אַן זיין ברוסט. אַן עין־הרע, אַן עין־הרע, פּליסטערט עס אין אים, און ער בייגט אַוועק דעם קאָפּ אין אַ זייט, ווי ער וואָלט נישט געקאָנט פאַרנעמען קיין צו שטאַרק ליכט.

דערנאָך דעכעט ער אָפּ און זאָגט פאַרקלערט:

— געלויבט איז דער אין הימל.

עס איז אַן ענטפער דער טאָכטער אויף איר פרעגן און עפּעס אַן ענטפער זיך אַליין.

אַ ווייל קנייטשט ער נאָך דעם שטערן און פאַמעלעך, ווי אין ווייטן נאָכטראַכטן, לאָזט ער זיך אַראָפּ אויפן בענקל, וואָס אַנט־

קעגן דער שויבנטיר. ער קוקט אַלץ אויף דער טאַכטער, אַקוראַט ער וואָלט זי אַקאָרשט דערזען אַריינקומען.

— אַ קעלט, זאָגסטו, אינדרויסן? מ׳שפּירט, נאָר נישט קיין סכנות... אויף אַלעם ז׳אַ צייט.

שפּעטער טרינקט ער מיט הנאה דאָס ביסל וואַרעמס: אַאַאַ! און דאָס מיידל שטעלט זיך אַריינהויכן אין די פאַרפרוירענע שויבן.

— נו, וועסט גאָרנישט דערציילן? — פרעגט ער זי אַ זופּטענדיק.

— נייעס? — זאָגט זי אַביסל נאָכדענקלעך — ס׳וועגדט זיך צו וואָס עמעצער בויגט ס׳אויער. ווער ס׳קוויקט זיך מיט זיין אָרעם הויז, און וועמען ס׳פרייט נישט דער פּאַלאַץ... די בלעטעד שרייבן, שרייבן, אַ שרעק!

— מען שמועסט דאָך עפּעס, — זאָגט ר׳ חיים, און עס הערט זיך דער זידנדיקער שלוק, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אין זיינע געדערים.

— מענטשן שמועסן... ס׳איז טרויעריקע מוטלערייִ. משוגע!

— כּיצ-כע, — לאַכט ער זיך פאַנאַנדער דריבנע — ביסט אַ גאַנצער מבין אויף די זאַכן, זע איך, גיטעלע. עס געפעלט דיר נישט, העי?

ער גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

—ביסט גערעכט, כ׳לעבן. נאָר גלייב מיר, ס׳איז בעסער נישט צו וויסן פון די אַלע קרענטענישעס.

— ס׳האַלט נישט ביי מיר, — איז הייס אָנגעגאָסן גיטעלעס ענטפער: — עס איז בלויז אַ שאָד, — זאָגט זי און קרעקט זיך מיטן וואָרט. זי האָקט אָפּ אינמיטן רעדן, גלייך ס׳וואָלט איר נישט ניחא געווען צו געדענקען דערוועגן. זי שטעלט זיך ווידער אַוועק מיטן פּנים צו דער פאַרפרוירענער שויב און פאַרנעמט דעם פאָטערס שלונגען די קאַלכווייסע וואַרעמע פליסיקייט.

אין קנייליקער גראָקייט האָט דער דרויסן זיך אַ צי געטאָן. די אָנגעהויכטע שויב איז טונקל געוואָרן. איינגעבאַבלטע אין ברייטע בגדים און הויכע קראַגנס זייַנען מענטשן פאַרבייגעקראָכן. גיטעלע האָט זיי נאָכבאַגלייט ווי אין אויסגייענדיקן רויך. אָט שלייכן

זיי זיך, און שוין איז אויפן בויגן פון איר אומרויקער ראיה אַרויף אַ שליטן, אַ שווימענדיקער אין שניי ביזן גאַרטל.

ר׳ חיים איז געווען פאַרטועוען מיט דעם מתיהדיקן שלוק וואַרעמס. און ער האָט זיך נישט געקרענקט דאָס לייב, באשר יאָר איין, יאָר אויס, זיצט ער דאָ אין דער טונקעלער קראָם, עסט אין זיך אַריין דעם שטויב, וואָס לייגט זיך אויפן האַרץ; ער האָט זיך נישט באַקלאָגט, באשר ער האָרעוועט שלאַפערהייט. און באמת: כאָטש זיין פּנים איז פולבלעך, דער טריט אַ געמאָסטענער, איז ער נישט אינגאַנצן אַ געזונטער. זיין ברוסט האָט געכריפעט, אין פלייצע האָט אָפט געשטאָכן אַ ווייטיק. ס׳אַ ביסל משפּחהדיקס, ירושה, — האָט ער זיך איינגעשמועסט. דאָקטערן זיך איז ערגער, האָט ער געמיינט. מען טאָר זיך נישט נאָכגעבן, איז ביי אים געווען אַ גרייטער ענטפער אויפן ווייבס טענה, בכן ער דאַרף זיך שוינען. ס׳איז געזונטער, אַז מען קוקט נישט אַריין אין זיך. און ער האָט טאַקע זיך באַגנוגנט מיטן באשטאַנד, ווי ער איז, און איז געווען צופרידן מיט אַלעם אין הויז: ער האָט שטאַרק אָנגעקוואָלן פון דער איין־איינציקער גיטעליע, וועלכע האָט ווי אַ וואָרע רויז אַרויסגעלויכטן פון די כמורע שטיבלעך, וואָס זיינען אין זיינע אויגן געווען שענער ווי פּאַלייען. די געדיכט־שוואַרצע האָר דעם מיידלס האָבן ווייך זיך געקרויזט איבער איר היכן, רוחישן שטערן, די אויגן גרויס און ליכטיק, אַ קאָפּ פּאַר אַ קרוין. דערצו אַז גיטעלע געוואַקסן גלייך און צאַרט. אום שבת האָט זי, כאָטש אַ מיידל, צוזאַמען מיטן פאָטער געזונגען זמירות, באַנאַנד מיט אים ביים טיש געבענטשט, און נאָכמיטאָג געזאָגט פּרק, ברכי־נפשי. ווען דער טאַטע האָט, חלילה, געמוזט זיך לייגן אין בעט אַריין, איז זי, ס׳מיידל, געווען די גאַנצע סוחרטע. און די קונים זיינען געווען צופרידן מיט איר, זי געלויבט.

— קיין בייז אויג נישט. פלינקער ווי אַ ייִנגל!

און צווישן זיך:

— מקנא צו זיין מיט אַזאַ קינד. ווי דאָס רעכנט, ווי עס רעדט מיט אַ מענטש.

זי האָט זיך גערויטלט, אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צו די פּאָליצעס, אָנגעבויגענערהייט כלומרשט עפּעס געזוכט און אויסגע-

וואַרט ביז יענער וועט צונעמען די צונויפגעבונדענע שטויסלעך סחורה.

דערווייל איז חיים אַ גאַנצן נאָכמיטאָג אין שטוב שוין מאָדנע אומרויק: ווער ווייסט, צי ס'מיידל קאָן זיך איינע אַליין באַטועז אין געוועלב? אין זיינע מאָטע, ברענענדיקע געהירן האָבן זיך גע־ראַיעט אַלע מעגלעכע עסקים פון קראַם, אָן אריבערגעוואָרפענע איבער די מסוכנע געצן פון אומהיימלעכן טומל און האַמעטנעס, טריבן פראָסט.

— א גוטן זוונט, נאַכטער, — שטרעקט זיך דער קראַנקער מיט זיינע טרוקענע אויגן צו גיטעלען, ווי נאָר ער דערהערט זי אויף דער שוועל.

— אַ גוטן אָוונט טאַטעלע, — גייט זי צו צו אים און גיט'ן אַ גלעט איבערן העמד-ארבל: קלערסט איבער? אַ שאָד ס'גע־זונט! גלייב, כ'גיב מיר אַן עצה.

און אַז ער צעשפּאַרט די אויגן אין קרענקלעכן אומגעדולד אויף איינצושלינגען די אומגעריכטקייטן, וואָס גייען פון דרויסן, דערציילט זי אים אַלץ אויפּאַמאָל:

— געווען משולם טאַמאַשאָוווער. כ'האָב'ן אָפּגעקליבן אַ ראַמש: אַביסל האָט ער גענומען, אַביסל איבערגעלאָזן פאַרן שפּיליטער. געקומען צדוק פעלטע, דער דזשאָבאַטער, פון וואָליע. ער האָט אָנגערעדט אַ פולע שטוב, געזאָגט, ר'קאָן קריגן מציאות, נאָר ר'וויל נישט. ס'איז גלייכער, מאַכט ער, צו צאָלן עפּעס מער און נעמען פון אַ מזלדיקער האַנט. געהערט? — לאַכט זי, — און האַלט עס דערביי, וויל ער נעמען אויף באָרגעלעך, דער צדוק. ס'איז מיר נישט געווען צום הארצן, — פאַרציט זיך איר געמבעלע: — נאָר כ'האָבן אָפּגעזאָגט. בעסער דער ערשטער רוגז. נישט ריכטיק? דער טאַטעשי ברויך געניטיק האָבן געלט, האָבעך אים געזאָגט. נישט אמת, מייך טייער טאַטעלע? — גלעט זי ווידער זיין אקסל: מע מוז בלייבן אַ וואַרטסמאַן. איבער די חובות, וואָס מ'האָט ביי מענטשן, עט מען, גאָט באַהיט, דאַרפן פאַרמאַכן ס'געוועלב. כ'קאָן נישט, ר' צדוק, און שוין. ווי?... כ'בין נישט גערעכט?

זי איז פאַרן פאָטער געשטאַנען עטוואָס אויסגעצויגן און אַזוי־

ערנאַך, שטייענדיקערהייט, אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם מאַנטל, וואָס איז ענג אַרומגעלעגן איר גראַציעזע פיגור. זי האָט דעם פאָטער פאַרפּלייצט מיט לעבהאַפטן געריידּ, געפרעגט: וואָס מאַכסטו? און אַ טאַפּ געטאָן זיין דערוואָרעמטן שטערן. אירע דריבנע געקרויזלטע האָר האָבן זיך, ווי אַ באַוועגטער קשאַק, וואָרעם אַ טראָג געטאָן פאַר זיין וואַכן אָטעם. דערשפּירנדיק דעם קילן באַריר אַרום די שלייפן, האָט ר׳ חיים ערשט רעכט באַנומען דער טאָכטערס רייד. ער האָט פאַרשנדיק אויפגעהויבן דעם בליק:

— כ׳על זיך אָנטאָן. דיר איז שווער.

— חלילה, באַהיט זאָל מען ווערן! ער טאָר זיך באַך גישט אויפהייבן. דער דאָקטאָר מוז דערלויבן.

קוקנדיק אין פאָטערס געקנייטשטן פּנים אריין, גיט איר, ווי אַן אָנגעוווייעטער פלאַם, אַ שלאָג איבערן האַרץ די געלקייט זיינע. קרענקלעך געל... לעבער, — טראַכט זי מיט מורא: גאַל, אויך זי פּיקט, ווי ס׳וועדט איר אָנגסטלעך אין דער ברוסט. די אויגן הייבן איר אָן גליען. צום סוף שטאַרקט זי זיך:

— ס׳עט גוט זיין, טאַטעשי, דו שטיי באַר אויף געזונטערהייט.

---

דאָסמאָל האָט חיים ראָטענבערג שווער זיך אָנידערגעלייגט. דער דאָקטאָר, וואָס גייט צו אים, האָט זיך געהייסן עטלעכע מאָל אין טאָג צו וויסן טאָן — דורכן טעלעפאָן — דעם קראַנקנס צושטאַנד, און יעדעס מאָל פאַרשריבן נייע רעצעפּטן.

זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן צום דאָקטאָר, אין דער אַפּטייק — האָט געקלאָגט סימע, דעם קראַנקנס ווייב.

אַליין אַ צעבראָכענער שאַרבן — ס׳האַרץ אירס איז שלאַף, די לונגען „פאַרלאָטעט", מיט פעטס פאַרגאָסן, — פאָדערט זי פאַרן מאַנס געלעגער. ער ליגט און ברענט, און ס׳קול טראָגט זיך פון אים אָן כּוח, גלייך יעדעס וואָרט וואָלט זיך דורכגעזאָטן אין זייך געלעכערטן אינגעווייד.

גיטעלע, וועלכע שטייט אין געוועלב אַ צעטראָגענע, וויל, אַהיימקומענדיק, דעם טאַטן דערפרייען. דערציילט זי אים, ווי געווינטלעך, וועגן אַלע קונים, וואָס ווייזן זיך.

— ...סרול גאַנשער, יאָ, דער מיט דער בלויער בוליע אויף דער נאָז, טאַקע־טאַקע, דערמאַנסט זיך שוין? ער האָט עס היינט אַריינגעשמעקט. „וואָס הערט מען?" — האָט ער געפרעגט, געדרייט זיך אַהין, אַהער. וואָס ער איז אויס, האָט ער נישט געזאָגט, ער וויל, מיינעך, עפּעס אַרויסקריגן... אַז ער וועט, טאַטעשי, וועלן שרייבן אַ וועקסעלע, זאָלעך אים געבן?

דער הויך פון דרויסן מיגטערט אים אָפּ. ר' חיים איז ווידער אונטערגעלענט פון קאַפּויערגעקומענעם לעבן. אַ רגע געפינט ער זיך אָפּ. מיט אַן אויסגעשפּיצט פּנים פּאַרויס, מיט פאַרדריקטע ליפּן, וואַרפט ער צו אין אַנשטרענגונג זיין דעה:

— ניין, מען טאָר נישט! — טוט ער אַ מאַך מיטן קאָפּ אין דער ברייט: — שמערגעלעך צום טיש... שקר, הערסט, גיטל!

אָפּגערעדט די פּאָר ווערטער, איז ער, ווי אַן אָטעם, אַנידערגעפאַלן אויף די קישנס.

אַז גיטעלע איז שפּעט ביינאַכט אָפּגעטרעטן פון פאָטערס געלעגער, האָט זי זיך קיין אָרט נישט געפונען. לאַנג האָט זי זיך געהאָרפן אין בעטגעוואַנט, און די פינצטערניש אין שטוב האָט איר שטאַרק געצאַרט. דער מוטערס קרעכצן האָט איר געטאָן אין דין: אָט, אָט האָט זי געוואָלט, גיטעלע, אַראָפּלאָזן די פיס אויפן קאַלטן דיל און בגוואַלד אַלעמען אויפרייסן פון דעם מנוחהדיקן שלאָף: ראַטעוועט, ראַ־אַ־טעוועט!

דאָס מיידל האָט ביטער פאַרגעפילט: ס'האַלט שלעכט מיטן טאַטן.

---

עס איז געווען אַ גאָר שווערער ווינטער. אויפן פענצן הימל, וואָס האָט זיך אויסגעשניט איבער די פענצטער פון ר' חיים ראַטענבערגס דירה, האָט זעלטן זיך באַוויזן אַן אָפּשיין פון דער קליינער, קילער זון. רק עס האָט געשנייט און רק עס האָט געהודזשעט אויף די שויבן. אַזוי האָט די דורכדרינגענדיקע קעלט זיך פאַרשטשירעט אויף דער דאָזיקער טוכלער היים. די אַנטקעגנדיקע מויער איז געווען פאַרפליאַסקעט מיט שטיקער געפרוירענעם שניי, און אַרום דעם האָט אומהיימלעך זיך געשיילט דער ברודיקער טינק.

רב חיימען איז אַלץ נישט בעסער געוואָרן. פאַרקערט, ער האָט געגומען מער הוסטן, ס'האָטן אָפטער געשטיקט די אַסטמע, און אַז אימהדיק בלאַסער איז ער אַוועקגעפאַלן אויף די קישנס. איבער דער שטוב האָט זיך אויפגעהויבן דער תהומיקער פלאַטער פון דעם אומפאַרמיידלעכן, צוליב וואָס גיטעלע האָט מורא געהאַט ביינאַכט איינצושלאָפן און בייטאָג נישט געקאָנט איינזיצן אין קראָם. דאָ האָט זי פאַרבראַכן דעם קאָפּ אויף דער טאַשעוואַניע — ס'האָט איר שטאַרק געצויגן צו דזשימיען — און דאָ האָט זי מיט דער גאַנצער שוואַכקייט פון מידן לייב זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער שויבנטיר. זי וועט זעען אַ מענטש, אַ צווייטן, וועט זי זיך אַביסל פאַרגעסן. ווי גוט, ווי גוט עס קילט דעם שטערן! הו־הו — הויכט זי אַריין אין דעם ווייסן פריר. אַוודאי, אַ שטאַרק לעבן גייט אָן אין דרויסן, און דאָ, ביי איר, עקט זיך אַלץ. ווי וועט זי דאָס אַריבערטראָגן? נישט ווילנדיק איז ווידער קאַפּויערגעקומען די צערודערטע שטוב, די קרענק, וואָס טאַטשעט דעם טאַטן, מאַכט אַ תל פון דער מאַמע. וואָס וועט זיין, וווהין גיין?

אַ שוידער האָט זי אַרומגעכאַפּט אויפן אָנבליק פון טויט, וואָס איז נאָענט צוגעטראָטן צו דער היים. דאָס מיידל האָט דערפילט אַ שטאַרקן ברי, אַ ברענענדיקן, פאַרניכטנדיקן. זי וועט נישט אי־בערהאַלטן דעם האַרבן קלאַפּ, וואָס וועט איר טרעפן אַזוי פלוצלינג. דאָס שרעקלעכע הערט זיך מיטן אָנקומען פון יעדער נאַכט, אַקו־ראַט ווי עס הערט זיך דאָס פלוצלינגע קראַכן פון אַ שכנותדיקן געפרוירענעם טייך. די נעכט... צו די טעג איז מען שוין לאַנג צוגעוווינט: זיי זיינען בלייאיקע, זיי סמען די געבליטן. די נעכט האָבן געגעבן מיט שאַרפן לויער, וואָס אַמאָל שאַרפער, גלייך די פּעטליע, וואָס איז שוין געוועזן פאַרוואָרפן, איז צונויפגעצויגן גע־וואָרן ענגער, ענגער. דעם קראַנקנס אויגן האָבן אָנטלעך זיך גע־זעען אַזוינע טיפע, מוראדיק טיפע, שרייאיק־גלאַנציקע און איינ־צייטיק אויסגעליידיקטע, ווי זיי וואָלטן פאַרצערט געוואָרן פון פרעסנדיקע יסורים.

און ר' חיים איז אין איינעם אַ מיטנטאָג איינגעשלאָפן ווי אַ הינדל. די אָנהאַלטנדיקע היץ האָט אים אויסגעמאַרכט, אַז אין בעטגעוואַנט

איז געבליבן ליגן אַ חדר-ייִנגל מיט באָרד און פּיאות. דעם ל[illegible] טיי, וואָס ער האָט מיט נויט-שוויס איינגענומען אין די לעצטע טעג, האָט ער צוריקגעגעבן מיט אַ גרינעם, זויערן שליים. דער חולה איז אויסגעגאַנגען אַזוי שטיל, אַז דאָס ווייב איז מיט איר יאוש-געשריי אַרויסגעקומען ערשט דעמלט, ווען ס'מת איז שוין געווען כמעט אָפּגעקילט.

אַרייַנגעגאַנגען אין דער שלאָף-שטוב, ווו דער חולה איז געלעגן איז זי אויף די שפּיצפינגער; געמיינט, ער האָט איינגעדרימלט, פון שוואַכקייט איז ער, נעביך, אַרייַנגעפאַלן אין אַזאַ חלשות, צו וואָס זי איז לא-עלינו שוין געוווינט געוואָרן. אין האַנט האָט זי גראָד געטראָגן אַ טעצעלע מיט מאַראַנצן-סאָק, כאָטש די ליפּן איַם איינצונעצן מיט דעם. שטייט זי אַזוי ביים בעט, קוקט אויפן מאַן, קוקט און ווי דורך אַ שלייער דערזעט זי מיטאַמאָל, אַז ס'לייב באַוועגט זיך נישט אונטערן אַרבע-כנפות.

ראַפּטעם, ווי זי וואָלט אַ שטאַרקן שטויס געקראָגן, איז זי מיטן גאַנצן אויבערשטן טייל קערפּער צוגעפאַלן צום מאַן:

די גאַנצע אומגעהאַרישע מאַסע פון טרייסלענדיקער שרעק האָט אויף אַ שפּאָרער ווייל זיך אַראָפּגעלאָזן איבער דער-אַ שטוב און זי אי זגיך־גיך אָנגעדראָלן.

— חיים, חי־ים! — שרייט זי שוין אין זיך אַריין און האָט מורא דעם אָרום נישט איבערצושרעקן: — וואָס שווייגסטו, ווען אויף דיין הויז איז אַזאַ גרויסע צרה? ח-ח־יים! חיי־יים! — און זי טוט אַ פלאַץ אַנידער אויף דער פינצטערער פּאָדלאָגע.

דער טויט האָט געהויערט אין פאַרלעגענעם, שווייסיקן בעטגעוואַנט, דער טויט האָט געפאָכעט איבער דער פענצטער־ראָם, אַ מטושטש געצייכנטע אויפן זינקנדיקן גראָ פון דער קעגנאיבערדיקער וואַנט און פון סופיט.

און דער שוואַרצער ווינטערדיקער אָוונט פויזעט אויף אַלע פיר פון די פאַרהוילנסטע ווינקלעך אַרויס.

---

ווען גיטעלע איז, אַן אויסגעפּרווירענע, אַהיימגעקומען פון דער קראָם, איז זי אין שטוב אַרייַנגעפאַלן ווי אין אַ גרוב. פינצטער,

אומעטיק. ווי אַלעמאָל איז די טיר געווען צוגעפרוירן צו די זאַוויעסעס, זי האָט זיך שווערלעך געעפנט. אַריין איז דער פינצטערניש, וואָס האָט זיך, אַ וואַרעם אָנגעגאָסענע, אַ וויג געטאָן יוי אַ תמוז־ווינטל, איז ס׳מיידל געבליבן שטיין אַ געליימטע. נישט קיין שרעק האָט זי אַרומגעכאַפּט אין דעם אויגנבליק; עס איז געווען אַזאַ מין אויסטערלישער טשאַד, און דאָס מסתמא מחמת אומגעריכטקייט, מחמת אומגעריכטער פינצטערניש, וואָס האָט דאָ אַהער אָנגעיאָגט, מחמת — — — עס איז געהאָנגען אַזאַ צעטומלטע, אַזאַ טויבע שטילקייט. מאָדנע, גראָד אין דער רגע איז פון גיטעלען אַפּגעדרונגען די מורא פאַרן טויט, וועלכע איז זינט וואָכן געגאַנגען אויף איר און אויף דער אַנטפּאַלענער היים. קעגן איר ווילן האָט זיך פונעם מיידל אַרויסגעריסן אַן אומאייגענער רוף:

— מאַ־מעשי! מאַ־מע!

און ס׳אייגענע קול האָט ווייטיקלעך אָנגעשלאָגן אין איר געהער, ווי אין אַ געשווילעכטס.

און אין יוירנדיקער שרעק, האָט זי נאָך ציטערדיקער גערופן אין די ערגעץ אַוועקגעפּויזעטע שטיבלעך אַריין:

— מאַ־מע! מאַאַ־מעשי קרו־וין! — די גרויסע, גלאַנציקע אויגן האָבן, גרעסער געוואָרענע, זיך איינגעגראָבן אין דער צונויפגעביילטער שוואַרצקייט און איר לייב האָט זיך באַדעקט מיט אַ קאַלטן רונצל.

...אַט־אַט האָט זי זיך אויסגעצויגן ווי אַן אויסגעטשוכעטע קאַץ, די לויערנדיקע טונקלקייט. זי האָט זיך איינגעבראָכן אויף אַ קופּערנעם שעפער, וואָס האָט, קוים בלאַנקנדיק, זיך געשניטן אויף דעם מרושנדיקן פענצטער. בערדווע געקוקט אַזוי, זיינען אויף דעם מיידלס רוף אין דער אומבאַוווסטקייט אָנגעוואַקסן פליגל. דער רוף האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בהלה־געשריי, וואָרום ער האָט דערשפּירט אויף זיך דעם זעגק פון גרויסער אימה. דאָס מיידל האָט געצאַפּלט פון אַנגרייפנדיקן עלנט, אין איר האָט זיך צעשריגן די גאַלע שרעק, וועלכע איז ווי ברענענדיקע קוילן איר געפאַלן צופיסנס און אַנגעוואַלגערט זיך אַרום.

— מאַ־מע! מאַאַ־מעשי קרויוין! — האָט זי אַ באַנומענע זיך

אַ ריס געטאָן און אָנגעהויבן פּראַלן די פינצטערניש. אַן אָנגעהאָרנטע, האָט די פינצטערניש זיך פאַרהויקערט אין די שטיבלעך, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אויף איר מיט אומגעזעענע, ברילנדיקע פלאַקערס. מגושמדיק באַוועגט מיט די שוואַרץ־געוואָרענע פיס, מיט די הענט, וואָס האָבן זיך געבאָמבלט אין דער לופטן, איז דאָס מיידל באַצוווּנגען געוואָרן פון אַ מאַכטלאָזיקייט; זי איז געפאַלן, געזונקען אין — אָפּשטויסנדיק פון זיך דעם אָנפאַל פון פלוצלינגער שוואַכקייט אויף אַ ווייל — ווייטער זיך געריסן. פון פינצטערניש איז זי געקומען צו פינצטערניש, אין איינגעקנוידערטע אין חלל, און זי האָט ווי אַש צעפלאַשעט מיט איר ליאַרעמדיקן, פיינלעכן גאַנג: מאַמע! מאַ-מין!

און האָט אין צעטומלטקייט אַ כליפּע-געטאָן די שיך פון איר אויסגעקלאָרטן מוח, האָט זי זיך דערמאָנט: דער טאַטע... טאַטעשי־קרוין!

ווי אַ לבנה-גייערין האָט זי שפּאַנענדיק מיט די הענט פאַרויס, אַ בישט-דאַיקע, זיך געמאַכט אַ וועג. זי האָט אומאויפהערלעך גערעדט מיט אויפגעריסענע אויגן:

— לאַכטיקער טאַ־טע! לאַכטיקער — —

דעם וועג האָבן פאַרשטעלט טישן, וועלכע זיינען איר אָפּגעטראָטן מיט אַ טעמפּן ריטש; מיט געסקריפּ האָבן ווייסע טירן אין דער טונקלעניש זיך געוויגט, ווי געפרווירענע האַנטעכער. טרוקן, מיט אַ כאָרכל, האָבן זיך פון איר אָפּגעקערט ברוגזע בענקלעך. לאַנג, לאַנג האָט זי זיך געפּלאָנטערט אַרום דעם אָנגעשטאָפּטן זאַק מיט נאַכט, וואָס איז דאָ־אָ אָנידערגעוואַליעט געוואָרן. זי איז געגאַנגען, געשטרויכלט זיך אין דעם אַרום, געטרייבערט אים דאָ מיט געשריי, דאָ מיט נעבעכדיק געוויין. דער אויפגערודערטער חלל האָט אָפּגעענטפערט מיט ביטערן געכליפּ און הוסט פון אַן אומדערבאַרעמלעכער, בלינדער ווינטער־נאַכט, וואָס הינטער דער טיר.

— טאַ־טע! — האָט יאוש־רוף געהילכט אין דער נאַכט אַריין.

— חיים! ח־ח־יים, נעם מיך מי־־־טט! — האָט עס געטריפט מיט מרה-שחורהדיקן ווייבערישן געקלאָג.

— טאַ־טע־שי, וואָס לאָזטו מיך אַליין?

— ווײ, ווײנדו! ווײ־ײנדו!

טריב און פֿאַרעקשנט האָט די תהומיקע נאַכט מיטגעברומט דעם ענדלאָז־יסורימדיקן ײדישן ניגון.

זינגענדיק האָבן צווײ אָפּגעריסענע פּרויען־קולות אין דער ווײטער נאַכט אַרײַן נאָגנדיק אויסגעוויינט די בראָך פֿון פֿאַרווונדעטן האַרץ; אָפּשווײַגנדיק אַ ווײַל, האָבן זײ פֿון דאָס נײַ אָנגעהויבן דעם לאַנגן, וויסטן זמר פֿון אומגעשטילטן ווײטיק און פֿאַרלוירנקײט.

אויפֿגעכאַפּט זיך מיט יסורים אין רוקן און אַ שנײַדונג אין די אויגן, האָבן בײדע זיך אַ ריס געטאָן צום בר־מינן. אין כמו־רער באַגינענדיקער גרינגקײט איז דאָס מת — אַ בלאַסער שטײַפֿער שאָטן — געלעגן אין ברודיקן זויערלעכן בעטגעוואַנט, און פֿון דעם האָט די באָרד האַרטנעקיק אַרויסגעשטאַרצט. שטאַרער גרויל האָט אַ צאַפּל געטאָן אינעם מידן גרוי פֿון דעם פֿאַרטאָג. ס׳האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ נײַער יאָמער. אין אָנבליק פֿון באַגינען האָט זיך בולטער אַנטפּלעקט דאָס אומגליק אין שטוב. מאַמע און טאָכטער האָבן געבראָכן די הענט, געצאַפּלט זיך. איבערן הויז איז געהאָנגען דער געסטאָיעטער געקלאָג פֿון לעבן, וואָס איז פּילבאַר באַעוולהט געוואָרן.

אין דער פֿרי, אַז אויף עק אַלטשטאָט און נאָוואָמײַסקע איז — להיפּוך צו אַלע טאָג — נישט געעפֿנט געוואָרן דער ספֿרים־סקלאַד — מענטשן האָבן זיך געדרײט אַהין, אַהער און נישט דערוואַרט זיך ס׳אָנקומען פֿון עמעצן פֿון די ראָטענבערגס, זײַנען אַ פּאָר אירע אַוועק געוואָר ווערן: „וואָס איז די מעשה מיט ר׳ חיים אַשעיאַקעווער?" אַזוי אַרום האָט אַ לעבעדיקער מענטש אַנגעדריקט די קלײַאַמקע פֿון דער אַבל־שטוב. אַ ייד מיט באָרד און יומטעווניע שטיוול איז אַקעגנגעקומען דער ריח פֿון עצבֿות, האָט פֿאַרנומען דאָס קול פֿון מענטשישער נויט. געקומען אַן ערשטער, אַ צווייטער ייד, און ס׳האָט זיך געוועקט דער לאַנגאָניקער האַרבער טרויער פֿון די עלנטע, וואָס זײַנען קײנמאָל נישט הי אין גרויסשטאָט. אוי־ווײ, ווי לעבט מען בײַ אַזאַ ריס. אַזאַ ביטערע שטראָף, אוי־ווײ־מיר, אוי־ווײ־ײ!

דערזען אַנקומען יידן, דערשפּירט אַ ווינטל פון דרויסן, זייַ-נען מאַמע און טאַכטער ווידעראַמאָל פריש געטראָפן געוואָרן פון זייער בראָך. נייע יללה. אַזויערנאָך האָט מען זיך דערוווּסט ס׳אומ-גליק ביי די פרעמדלעכע, ווייטע שכנים און מ׳האָט דעם מת געגנו-מען טוען זיין רעכט.

מענטשן האָבן זיך אריינגעוויזן קופּקעלעכווייז. די אריינגעקו-מענע האָבן אליין זיך געמאַכטיקט ביי דער וועש-שאַנק. אין דער איבערדריסיקער טונקלקייט פונעם אַנגעשוווּמענעם טאָג, וואָס האָט זיך געשטעלט צוקאָפּנס דעם אָפּגעהויבענעם בר-מינן, האָבן זיי פון צווישן ווייסוואַרג אַרויסגעצויגן לייוונט, און די לייוונט איז אַ בלענדיקע, מיט אַ שריי, געריסן געוואָרן אנטקעגן דעם טרויעריקן שיין פון די אָנגעצונדענע נשמה-ליכט. שפּעטער איז מען אַוועק אין דער פאַרנאַכטלעכער שטאָט אריין באַגלייטן ר׳ חיים ראָטענ-בערגן אין זיין לעצטן, אייביקן וועג.

ברירה. קאַלט.

עס איז געווען אַ קליינע לוויה מיט אַ פרעמדן קדיש, אַשעיאַ-קעוו איז דאָך ווייט און די היימישע זיינען אין אַשעיאַקעוו. דער אמתער קדיש פאַר ר׳ חיימען, זכרונו לברכה, איז טאַקע דערנאָך אָנגעקומען פון היימישן שטעטל.

---

— יונגערהייט, נעבעך, געגאַנגען די ערד קילן... יונגערהייט.

— איז דאָס שלאָפּט ווייב ר׳ חיימס אַרומגעגאַנגען אין אַנסופיקער אבלות. דער צער האָט זי אויפגעגעסן. צו איר זיינען נישט דער-גאַנגען די טרייסט-ווערטער, וואָס נאָענטע און ווייטע האָבן איר געגונען. לאַנגע וואָכן נאָך דער שבעה האָט אין שטוב נאָך אָנגע-האַלטן דאָס שווערע, טרויעריקע געמיט, כאָטש ס׳מיידל איז יעדן אין דער פרי אַוועק עפּענען די ספרים-קראָם אויף דער רעשיקער נאַוואָמייסקע. מ׳האָט רעכט נישט געראַמט די דירה. מ׳האָט נישט געגעסן. עס איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען דאָס אָפּהיטן די ציכטיקייט פון אַלץ, ווי מ׳איז עס געוווינט געווען. די יידענע האָט נישט

אויפגעהערט קלאָגן, און קלאָגנדיק פארגעסן, אַז איר אייגן געזונט הענגט אויף אַ האָר.

סימע איז גאָר, גאָר אַראָפּ פון פנים. זי האָט זיך געטרייסלט אויף די שלאָפע פיס, און דער קאָפּ איז אָפט געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ פייכט האַנטעך. גאַנצע טעג פלעגט זי נישט טועם-טעם זיין, זי האָט געלאָזן דאָס שוואכע הארץ אַנטגיין. זי האָט אזוי לאַנג געקרעכצט, געליטן אויף פאַרשאַרפטע יסורים, ביז זי האָט זיך אויף גוט אַנידערגעלייגט. אין אָנהייב האָט זי זיך נאָך געמיט פאַרן מיידל אויסצובאהאלטן איר קראַנק זיין.

— ס'קינד זאָל נאָר נישט האָבן קיין שברת-הלב...

אַז גיטעלע פלעגט טרעפן די מוטער אַ קרעכצנדיקע, האָט זי זיך געבעטן ביי איר:

— מאַמעשי, דערבאַרעם זיך. מאַך נישט קיין תל פון זיך!

און זי, די שלאָפע, איז צוגעשטאַנען צום מיידל:

— נעם דיר צ'עסן, גיטעלע.

אומבאַוועגטע האָבן דער מוטערס אויגן ליבלעך נאָכגעקוקט דעם מיידל און, קוקנדיק, האָבן זיי זיך שוואך פארוועבט. אין ווייסע בייע תכריכים און אין הייליקן טלית איז ר' חיים אומגעגאַנגען אין איר שלאָפן דמיון, און מיט אַלע פיבערן האָט זי זיך געצויגן צו אים. דאָס לעבן, אַן איינגערינגלטס אין די באַקאַנטע דלת-אמות פון שטוב, איז ווייט אָפּגעפלאָסן פון איר.

...פון אַשעיאַקעוו האָבן אָנגעהויבן קומען טרעריקע בריוו-לעך פול צעבראָכנקייט און נחמה. אַלטע פרומע פעטערס, מומעס און שוועסטער-קינדער האָבן זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין לאָדזש, אָפּגע-זעסן אַ פּאָר טעג ביי דער אלמנה און, אַוועקפאָרנדיק, אָנגעזאָגט, זי זאָל, חלילה, נישט אָפּלאָזן ס'שטיקל פּרנסה:

— דאָס הויז, כאָטש אַ טיף געשפּאָלטנס, מיט ריסן, מוז בלייבן שטיין! גאָט עט העלפן. ער וועט צושיקן אַן אָרנטלעכן זיווג פאַר גיטעלען. ס'איז אַחיזה פארן הויז.

און כדי מיט דער פולער האַנט אנטקעגנצוקומען דער פאַר-צאָגטער אלמנה מיט דער יתומה, האָבן די קרובים אַראָפּגעשיקט אין דער גרויסער שטאָט אַריין דעם משפחה-מענטש פישל יונה.

אַ נישט-דערבאַקענער, האָט דער פישל-יונה כל־ימיו זיך אַרומ־געשלאָנדערט צווישן די אַשעיאַקעווער ראָטענבערגס און ווײַנ־שטיינס, וועלכע זײַנען זינט דורות מיט אײנאַנדער געקניפּט און געבונדן דורך היימישע שידוכים, חסידישע חתונות, פרומע בריתן און — נישט געדאַכט זאָל עס זײַן — גרויסע לוויות. בײַ ווע‍מען פישל יונה איז געווען אַ נישט־באַצאָלטער משרת אין מסחר, בײַ וועמען — סתם אַ שיק-יונג, צי אַ ווערטאָרין בײַ אַ געווינערן; בײַ שמחות, צי, לא־עלינו, בײַ טרויעריקייטן, איז ער שטענדיק געווען די היימישע האַנט, וואָס איז נייטיק געווען. אַזוי האָט ער טאַקע תמיד געפעלט סײַ בײַ די ווײַנשטיינס און סײַ בײַ די ראָ־טענבערגס. יעדער האָט אין אים אַ מצווה געטאָן מיט דעם, וואָס מ׳האָט זיך מיט אים באַדינט. און געלעבט האָט ער מיט די זעלביקע חסדים: דער האָט אים צוגעוואָרפן אַ ביסל עסן, יענער האָט גע־געבן אַן אויסגעריבענעם לבוש אָדער אַ פּאָר צעדרייטע שיך. קיין גײַע זאַך האָט פישל יונה קיינמאָל נישט געהאַט אויף זײַן גוף. קיין אייגן ווינקל אויכעט נישט. אַ זינדיקע נשמה אַזאַ. ווער עס האָט אים באַדאַרפט, דעמס איז ער געווען; וווּ ער האָט זיך אָנ־דערגעלייגט, דאָרט איז ער געשלאָפן. אמת, ער פלעגט אַמאָל אַ קרעכץ טאָן, קיינער האָט עס אָבער נישט געהערט. קיין הערמי־וייסע וועש איז נישט באַשאַפן געוואָרן פאַר זײַן גופס וועגן, קיין זיידנצייג איז אים אוודאי נישט געווען אויפגעלייגט. אַזוי איז ער געוואַקסן צווישן אומאײגענע ווענט, אַזוי איז ער אַלט געוואָרן, כאָטש זײַנע יאָרן זײַנען נישט שטאַרק קענטיק געווען אויף אים. דאָס פנים — אַ ווייכס, בלאַס, ווי אַ ווײַבערישס, און די אויגן, קליין, אַרומגעראַמט מיט העלע ברעמען, שיטערע וויעס.

בײַ די ראָטענבערגס און די ווײַנשטיינס האָט דער אייביקער יונג פישל יונה זיך גערעכנט פאַר אַ משפחה־מענטש. זייער דעה וועט ער זיך קיינמאָל נישט קעגנשטעלן. האָבן זיי אים געזאָגט:

— ס׳א צער, פישל יונה, אויף חיימס אלמנה, מ׳דאַרף איר געבן אַ שטיקל פּאַדפּאָרע. פאַרשטייסט? אַ מענטש, אַן אייגענער...

האָט ער אויף דעם נישט געזאָגט „ניין”. ער האָט זיך אויפגע־הויבן, מיטגענומען אַ בינטל גרוזן פון אַלעמען, איינגעפּאַקט אין

אַ זעקל זיין וואָך און זיין יום-טוב און געקומען זיין אַ באַהעלפער דער פאַראַבלטער קרובה.

עס איז נאָך געווען שאַרפער ווינטער, ווען דער דאָזיקער הויכער, שמאַלפּלייציקער פאַרשוין אין גרויסן, געדרימען פּאַלטן, האָט זיך באַוויזן אויף דער אַלמנהשער שוועל. דער קאָפּ — אַרומגעבונדן מיט אַ גראָבער ווייבערישער פּאַטשיילע, די הענט — באַהאַנגען און באַלאָדן מיט קלימעקלעך און קישלעך. איין קישל צונויפגעבונדן מיטן צווייטן. אַריינגעקומען אין פּאָדערשטן שטיבל האָט ער, ניט באַגענענדיק קיינעם, אַ זאָג געגעבן מיט אַ פייגלשן קולכל:

— גוטן אָוונט הינע! המם... דאָ וועט ווינען סימע יאָספּאַ רויזעס פון אָשעיאַקעוו?

געשטאַנען איז שוין די נאָכמיטיק-שעה, וואָס נייגט זיך צום פריען ווינטערדיקן פאַרנאַכט. אין די קליינע שטיבלעך האָט געווייספּערט די טונקלקייט. פישל יונהס צעוואָרפענע רייד האָבן ווידערוויליק זיך פונאַנדערגעשאָטן אין אָט דער שטילקייט.

אַ מידע פון אַרומקריכן, איז די אַלמנה ווידער געווען אַריינגעקראָכן אין איר בעט. איר קנאָכיק פּנים האָט, אַ פאַרטראַכטס, געקוקט אויף אַ שפּרענקעלע, וואָס באַוועגט זיך אין איר בליק, ווי אַ שפּין. סימע האָט באַלד נישט דערהערט יענעמס אַריינקומען. דערווייל האָט דער גאַסט אַראָפּגעלאָזן די פּעקלעך מיט די קישלעך און פונאַנדערגעריבן די דורכגעפרוירענע הענט. אַרומקוקנדיק זיך, האָט ער געשמאַק געריבן די האַנטפלאַכן און חידושלעך גערעדט:

— געזעען אַ שטוב? נישט קיין באַלעבאָס, נישט קיין אורח. איי-איי־איי... נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי, — און ער גיט זיך אַ פאַרמעסט אַרייצוקריכן אין דער מאָדנער דירה.

פּאַמעלעך איז דאָס פרעמדלעכע גערודער דערגאַנגען צו דער יידענע אין דער שלאָף־שטוב. פון דעם שוואַכן געפּלאָנטער, וואָס איך אירע געהירן, האָט זי אויסגעשריגן:

— ווער? ווער איז? קומטס דאָ אַראַן!

מיט שווערע שפּריזן האָט זיך דער פאַרשוין דערנענטערט צו

דער קראַנקערס געלעגער. צוויי פּאָר שטויבענדיקע אויגן האָבן זיך קאַלט באַגעגנט.

— עך וועט זיין יאָספע רויזעס טאָכטער? יאָ?... כ׳האָב באַלד זיך געמיארקעוועט — האָט ער געציילט די ווערטער: אַ קראַנקע גאַבעך. עס איז אזוי וועדליג דעם אָפּמשלען: דער גאַנעק, די הייזקע, אַפּילוכע די קאַך... איי־איי, — ווערט ער דרייסטער — ווי איך האָב גלייך אַריינגעטראָפן! טאַקיש, קרומלעך דאָס סטעשקעלע אַהערצו, פּינצטער ס׳ווינקל, איי־איי־איי!...

ער האָט לאַנג אזוי גערעדט און אין געלעכטערל אויסגעשפּרייט די אומגעזונטע, בלייכע באַקן.

— אַ קאָפּ דאַרף מען האָבן צו געדענקען. אַבי כ׳האָב נישט גע־בלאָנדזשעט — זאָגט ער דערנאָך דער יידענע, וואָס קוקט אויף אים פון בעט אַרויס: כ׳האָב בלויז באַדאַרפט זוכן די ראַכטיקע פּאַטשינע און דעם נימער.

ער האָט הנאה געהאַט פונם רעדן. אזש די ליפּן האָבן זיך אים געקלעפּט בעת־מעשה. אַ דערדרייטלטער האָט ער צעבונדן די פּאַ־טשיילע אויפן קאָפּ און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די גרויסע, ברייטע קאַפּאָטע; אַ ווייַנענדיקע אזא איז זי געהאָנגען אויף זיינע פּאַרדעכ־טיק־שמאָלע אַקסעלעך. ער איז געבליבן שטיין — אַ יינגל מיט אַ קליינעם, אַלטן קאָפּ און געלע באַקן, איבער וועלכע עס האָבן פויל זיך באַוועגט קליינע זקנישע אויגן. אַן אויסגעצויגן יינגל, מיט דינע, הויכע פיס און שלאַבריקע הויזן, הענגנדיקע איבער גראָבע שטיוו־לעטן, בעת אויבן, אויפן גאַרנישט ייִנגלשן פולן לייב איז ענג אַרומ־געלעגן אַ קורצע וואַטעווקע פון גראָען פאַרשמאָלצעוועטן צייג.

באַטוען זיך מיט די שמאַטעס, וואָס אויף זיין וויאַנעדיקן קער־פּער, האָט דער אריינגעקומענער זיך אַראָפּגעבויגן און אויפגעהויבן ס׳קיישל, וואָס ער האָט געהאַט אַוועקגעשטעלט ביי זיינע פיס. אַריינ־געקוקט דערין, האָט ער גערעדט צו דער יידענע און נישט צו איר:

— אַסך גערוס ט׳ענק געשיקט ס׳משפחהלע אַנעהאָרע. גערוסן ענק, יאָספע רויזעס טאָכטער, און ענקער בתולה. אוכך! — האָט ער אָפּגעעטעמט און, ווי דערמאָנט זיך, צוגעגעבן: און אַ לעבעדיקן גרוס פון יעקבקען מיט גאַנצן בני־בית. נאַט — בייגט ער זיך

ווידער איין: אַ האַלבן שאָק אייער פון זיין סרענצען, אַ האַלבן שאָק פון אים אליין, און אַ האלב שאָק פון פריוועלע, דער אויסגעגעבענער טאָכטער. ס'אלץ פון אייגענע עופות, פריש—אַ מחיה. דאָס ייִנגסטע יעקבקעס האָט מיטגעשיקט דאָס־דאָ. — און ס'האָט זיך אַ באַווייזן געטאָן אַ ווייס פולטשיק קעזל, אָן אָסלקע פוטער: אַליין אויסגעפוטערט. געפוטערט אומיסטן — האָט ער אַ פּאַטש געטאָן מיט די ליפּן — ס'זאָל זיין צו געזונט.

און נאָך האָט דער גאסט פון אַשעיאַקעוו אַרויסגעצויגן פון די קיישלעך אָדערקעס פון געקראָפּטע געגנדז אויף פּסחדיק שמאַלץ, זעקעלעך היימישע טאָטערקע קאשע, שנירלעך געטרוקנטע שוואָמען, אַ שקאָרמיצל געפּרעסטע פלוימען און פלאשן מאלינעס־זאַפט, פלאַשן ווישניק, און סלאָיקעס, און טעפּ מיט איינגעמאכטסן:

— דער פעטער שייע, דער פעטער פייוועקע, די מומע פּערעלע, די עלטער־מומע הדס, דאָס געשוועסטער־קינד הערשעלע מיטן ווייב, אַלע האָבן זיך געמיט ביים איינפּאַקן. זיי האָבן עס געשיקט און ווינטשן געזונטערהייט עס אויפצועסן... פע, אָסור כ'קען הערן, ס'איז נישט קיין פרעמדע גאָב! ס'היימישע. אייגן בלוט און פליייש. עס זאָלט זיך נאָר נישט פאַרזינדיקן. זיי מיינען דאָס בכל לבבם. עס רעדט מיר נישט!...

זי האָט שוואכלעך אַרויסגעקרעכצט איר באַנומענקייט מיט דער טריישאפט פון די היימישע און ער, דער גאַסט, האָט שוין פון ווייטנס ווידער גערעדט צו איר:

— זי האָט נישט קיין כוח, סימע, זי זאָל עס אליין צוגרייטן — האָבן זיי געטענהט, די פעטערס, די מומעס, און אריינגעשטעלט אין קיישל אַריין. איטלעכער האָט געוואָלט עפּעס מיטשיקן. ס'קאָסט דען עפּעס? אַ שיבוש. ס'איז פון אייגענעם קעלער. נישקשה, מע מעג נעמען, סימע יאָספּע רויזעס.. ס'איז פון סאמע הארץ אַוועק.

און אָן שהיות האָט פישל יונה זיך אַריינגעטאָן אינם העלפן דער שטוב, וואָס באַדאַרף אַ פּאַדפּאָרע.

---

גיטעלע האָט אויפגעמאכט אַ פּאָר אויגן:

— מאַמעשי, ווער איז דאָס?

אַ הויכע, וואַקלדיקע געשטאַלט מיט אַן אויסטערליש פּנים פון אַ ייִנגל — און נישט קיין ייִנגל — האָט מיט שווערע שפּרייזן זיך באַוועגט איבער דער דירה, און טוט זיך ווייבערישע טועכצן.

— ווער איז דאָס, מאַמע? ווער איז דער נישט הײַגיקער?

שטאַרק נײַגעריק, האָט ס׳מיידל זיך אַרומגעקוקט. אירע אויסגעקײַלעכיקטע אויגן זײַנען נאָכגעגאַנגען יענעמס היפּנדיקן שריט. ער פּאָרעט זיך שוין ווידער בײַ די זאַכן, קלינגט אין דעם געפּעס.

אוי, דער מאַמעשי זאָגט ער גאָר פּראָסט: סימע!

— סימע, ווי מיינסטו, סימע?

— ס׳אַן אייגענער, קינד — האָט סימע אויסגעקרימט אַ שמייכעלע. אַ שולדיקע האָט זי געקוקט אויפן מיידל און אַ רוף געטאָן די ווערטער אין די מאַנצבילישע הויזן און שפּענצער:

— פישל יונה, קום נאָר.

יענער האָט זיך דערנענטערט מיט אַ קיך־כלי אין דער האַנט. זײַנע בליקן האָבן אַ בלאָנדזשע געטאָן, גלײַך ער וואָלט נישט געווען זיכער, צי פון דאַנען רופט מען אים. סימע האָט אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט.

— מעגסט קענען מײַן גיטעלען. זי איז הײַנט מער באַלעבאָסטע פון מיר.

פישל יונה האָט אַן אומדײַטלעכן ברום געטאָן, אַ ברום, וואָס האָט דערמאָנט עפּעס בהמהשעס. מיט זײַנע קליינע מוטנע אויגן האָט ער אַ גיכן קוק געגעבן אויף גיטעלען, און זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ בענקל. דאָס מיידל האָט נישט אויסגעטראָגן דעם מענטשנס קוק. קאָן זײַן, זי האָט זיך אויך פאַרדרייטלט פון דער באַגעגעניש מיט דעם אומהיימלעכן ייִד, וועלכער ווערט אַ גאַנצער שמעלקע בײַ זיי; די אָנגעצונדענע לאָמפּ האָט אָבער געמרוזשעט הויך איבערן טיש און גיטעלעס געדיכט־געקרויזטער קאָפּ האָט ווי אַ שירעם ברייט פאַרשאָטנט איר חנעוודיק פּנים.

... דערנאָך האָט סימע גיכער שוין געקענט רעדן אין בעט: דערנאָך האָט גיטעלע גיכער זיך געקענט אַן עצה געבן אין קראָם. פישל יונה איז געווען אַן אייגענע האַנט אין דער באַלעבאַטישקייט און אַ גרויסע הילף אין דער פּרנסה. ער האָט אָפּגעפּאַרטיקט אַ קונה

און איז געגאַנגען ברענגען אַביסל סחורה. כאַטש אַ מאַנצביל, האָט ער זיך שטאַרק געטויגט אין יאַטקע ביים אויסקלייבן אַ פאַרציע פלייש. צוגלייך מיט געניטע באַלעבאַסטעס האָט ער זיך געדונגען מיטן העקער: דאָס וויל ער ניט, יענץ שטיקל שפּאָנדרע איז אים גוט, אַ גראָשיצעלע צו אַ ייִכל באַדאַרף ער פאַר אַ קראַנקער; ער וויל אַ בריסטל קאַלב־פלייש. ער ווייסט שוין, כע־כע: ר׳וועט עס אָנפּילן, קורץ איינקאָכן. כשר־מאַכן, קאָכן געגליווערטע הײדלעך, פאַרמישן אַ טייג, — די אַלע שטובּיקע טועכצן קען ער ווי אַ ייִדענע. אויסקערן די שטוב, הייצן דעם אויוון, אומגיין זיך מיט וועש, פאַרבריען שויטלעך און אויסטאַפּן אַ מציאה אין מאַרק — איז פאַר זיינעטוועגן אויך ניט קיין שווערע הלכה. אָנגעאַרבעט זיך ביים איינקויף, ביים גרייטן ס׳מיטיק, געווען ביי גיטעלען אין געוועלב, זיצט ער איך שטוב און פליקט אויס אַן אַלט העמד, צערעוועט אַ זאָק אָדער שניצט אַן דינע שפּענדלעך צום מאַרגנדיקן פייער־מאַכן.

סימע האָט איך פישל יונהן געפונען אַ גוטן מלאך, בפרט, אַז זיין טועכץ האָט זיך ניט געהערט. שטיל איז געווען זיין האַנט, געלאַסן זיין פוס.

דער מענטש האָט שוין געהאַט אויפן קאָפּ ס׳גאַנצע הויז, אַלע זיינע דאגות.

און איז געקומען פאַרנאַכט, האָט ער אָנגעצונדן די לאָמפּ, צו־געזען, אַז די קראַנקע זאָל האָבן עפּעס איך מויל אריין, און איז ווי־דער אַוועק אַ קוק טאָן „וואָס עס הערט זיך”. איצט האָט ער שוין געוואַרט, ביז גיטעלע וועט נעמען איר בייטל מיטן קריגל, אין וועלכן זי האָט בייטאָג געהאַט אַ וואַרעמען שלוק. ביידע זיינען זיי צוזאַמען אַרויס פון געוועלב. אָנגעלייגט די פרענטן אויף דער טיר, פאַרמאַכט די שלעסער, האָט פישל יונה די שליסלען אַוועקגעגעבן גיטעלען:

— נאַ, באַלעבאַסטע.

— שוין ווידער באַלעבאָסטע! — האָט זי אומדרייסט אַ ליב־לעכן מרוקע געטאָן: פּעטער פישל איז דער אייגענער באַלעבאָס, וואָס איך.

פּעטער פּישל האָט זי אים גערופן, דעם זאָרגעוודיקן מקבל־באַהבֿניק, וועלכער האָט זיך גיך צוגעבונדן צו אַלעמדינג אין דעם דאָזיקן קרענקלעך־אויסגעהוילטן הויז.

— אַ באַלעבאָס, ווי דען? — האָט ער איר געוויזן זיין גוט־מוטיק צעפּלאָסן פּנים: טיע־טיע־טיע! ביסט אַ נאַרעלע, אַ קינדעלע, פאַרשטייסט? ס׳זאָגט זיך שוין אַזוי — און ער האָט ווייטער געגנב־מען שטעלן שפּריין.

זיי זיינען שווייגנדיק אַהיימגעגאַנגען מיט די זייטן־געסלעך; ער אַ הויכער, אַ שמאָלער, אַן אויסגעצויגענער, און זי — אים ביז אַקסל, אַן אָנגעטוענע אין אַ יינג־מיידלשן מאַנטל מיט אַ ניצטער טאַליע און אַ פּיצל היטעלע, וואָס האָט געטאַנצט אויפן צירלעכן געקעמעכץ פון איר ברייט געקרויזטן קענדזשער. פאַרבייגעגאַנגען אַן אויפגעלויכטענע לאָמפּ, האָבן ביידע שאָטנס — דער הויכער און דער נידעריקער — זיך אָנגעפּוישט, געוואָרן גרויס, גרעסער. אויסגעקרימטע האָבן זיי זיך באַלד אויסגעגאָסן אין דער אַנטקעגנ־קומענדיקער פלעקיקער טונקלקייט.

אין דער היים האָט מען זאַלבעדריט געגעסן נאַכטמאָל. גיטעלע מיט פּישל יונהן האָבן געזופּט בורשטין־קאָליריקן טיי, פאַרביסן מיט אַן אינדערפריאיקע זעמל. מיטן אויסגעשטשערביעטן מויל האָט די קראַנקע אין בעט גענאָגט אַ ווייַנטרויב, וואָס זי האָט מיט פאַרשאָטנטע פינגער אָפּגעצופּט פון אַ הענגל, וואָס לערט זיך אָפּ ווי אַ הינעריש פּיסל.

מיט קילבלעכן געשמועס פון מאַמע און טאָכטער — גיטעלע האָט זיך צוגעזעצט אויפן בעט — האָט די נאַכט זיך אַריינגעקליבן אין שטוב. זייערע שטימען האָבן זיך געלאָשן. זיצנדיקערהייט האָבן די גופים זיך אויסגעבויגן, געשרומפּן; זיי האָבן זיך מיד איינגעהערט אין דעם אייגענעם וואָרט, וואָס שלאָגט זיך אָן אין גזימס פון דער קליי־ער־שאַנק, קריכט איבער דער געקאַלכטער וואַנט און ווערט סוף־כל־סוף איינגעשלונגען דורך די זשעדנע שאָטן־הינ־מעלעך, וואָס צאַפּלען זיך אויפן סופיט. דאָס ליכט האָט זיך גע־טיקט, און איבער מאַמע און טאָכטער האָט זיך צעוויגט דאָס קאַלע־

מוטנע זאַגעכץ פון פישל יונהן, ועלכער איז אויף נאַכט־האַלט, שוין פארקראַכן אין קיך אריין. זיין דיי, וויטלעך קולכל האַט מיט אַן אומעטיקער מעלאָדיע זיך איינגעגאָסן אין דעם גליווערנדיקן חלל:

— לישועתך קויתי ד׳.

---

פונקט ווי די אומהיימלעכע קרענק ביי ר׳ חיימס אלמנה, אַזוי האָט זיך געשלעפּט דער ווינטער. די קראַם אויף נאָוואָמייסקע איז עפּעס גאָר איינגעשלאָפן אין דער בייזער ביטערער קעלט. געעפנט עס, דאָס שטילע ספרים־געוועלבל, אין קאַלעמוטנעם טאָג אריין און פאַרמאַכט עס אויפדערנאַכט, ביים שייך פון געלבלעכן עלעקטרישן בלאַם, אַן איינגעקלעמטן צווישן די ענג־געשטעלטע פאָליצעס. באַלאָדן מיט דער סודותפולער שטים פון גאָטס פראָסטן און טיפן געדאַנק, האָט די הייליקע ירושה פון ר׳ חיים ראָטענבערג ז״ל מיט פאַריבל זיך איינגעקוקט אין דעם פאַריסענעם דרויסן. אומהיימיש האָט זיך צו אלעם צוגעקוקט די יונגע באַלעבאָסטע פונם ספרים־האַנדל, בעל־כרחה אָפּגעהאַלטן ס׳געוועלבל, געפירן, און געשפירט זיך אַן איינגעגליווערטע, ביין, ווי אַ ווילד פלייש, אין דעם גאַנצן געקאָך פון דער אומרויקער געגנט. אויף איר האָט מיטאַמאָל אַ דריק געטאָן די צו שווערע משא. מיט אַ געווינשאַפט פונעם זיידן, פון טאַטן עליו־השלום, איז זי אָבער געזעסן, אָפּגעהיטן ס׳קריש בו׳ויט. פון לאַנגוויל איז זי ארויס מיט אַן אלט, דאַר בעזימל פאר דער שוועל אָוועקצושאַרן דעם לאַנג אָנגעטראָטענעם שניי. דערנאָך האָט זי מיטן שפּיץ שיך פון דער ערד אָפּגעשפּאָלטן אַן אויסגעשליפן שטיקל אייז. דער קורצער טאָג האָט זיך געפוילט. ווי אַ פארעקשנט פערד האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט אויף איין אָרט. כאָטש די טונקל־שעה איז געקומען גאָר באַצייטנס. ס׳איז נישט קיין טאָג און נישט קיין אָונט, און אומענדלעך לאַנג זיינען געווען די נעכט. פריקרע זיינען אַדורך די חדשים פון ווינטער, און קיין לעבעדיקן גראַשן לייזעכץ האָבן זיי נישט געבראַכט.

דער נייער סותרטע האָט זיך אויסגעדאַכט: עס איז ערגעצוו

איינגעקלעמט געוואָרן דער גאָרגל פון לעבן, נישטאָ קיין אָטעם. אַ קינד, נישט קיין קינד — זי האָט זיך פונדעסטוועגן געפילט די באַלעבאָסטע פונעם באַשטאַנד, וואָס האָט זיך זינט דעמלט און דעמלט איינגעפּעסטיקט דאָ, אין דעם אַריינגעקוועטשטן ווינקל פון נאָוואָמייסקע; דאָס גוססע הויז דאָרט איז ווי אַן אומגעהויערע משא געגאַנגען אויף איר. פּאַוואָליע האָט דאָס מיידל גענומען אויף זיך דעם מגושמדיקן עול, און צוזאַמען מיט איר האָט זיך געראַנגלט מיט... אין דעם איינגעשפּאַנט דער שלאַבעריקער ייִד פון אַשעיאַקעוו. ווי אַ שאָטן האָט ער, פּישל יונה, זיך נאָכגעשלייכט דעם מיידל, מיטגע־קלערט איר געקלער:

— אוי, אויסגעלאָזן זיך די קוילן אין קאַסטן.

— אוי, מ׳האָט פאַרגעסן גיין צום דאָקטאָר איבערשרייבן די רעצעפּט פאַר דער מאַמעס וועגן.

ביי יעדן זאַג האָט ער אַן אויקע געטאָן, דער פּישל יונה. אָבער נישט בלויז הויזלעכע ענינים זיינען אים אָנגעגאַנגען. ער האָט אויך געדענקט אין דעם עיקר: עס מוז אָפּגעהיטן ווערן דאָס קרן, די פּרנסה. ווייקנדיק די הענט אין קאַרטאָפל־שווענקעכץ, צי בעת ער האָט געשניצט שפּענדלעך אויף אונטערהייצן דעם אויוון, פלעגט ער זיך פלוצלינג אַ כאַפּ טאָן אויף אַ הייסן רעיון:

...ווי, ווי, מע פאַרשלאָפט, אַן אומגליק! פסח יאָגט אָן, ער לויפט...

גייט ער אין געוועלב אַריין, שטייט ער צו צו גיטעלען:

— מע מוז זיך גרייטן, באַלעבאָסטע! גריי־טן!

אַ נישט־באַגרייפלעכער כוח האָט דעם מענטש אַריינגעוואָרפן אין דעם קאָנוולסיוון צאַנקען פון דעם הויז. אומבאַוווסטזיניקערהייט האָט ער זיך דערשפּירט אַ שותף צום יאָך פון די, וואָס מוזן ציען די שווערגעוואָרענע נעצן פון גורל. געוואָרן אַ שותף צו אַלעם, פאַר וועלכן מע מוז טראָגן אחריות.

אויסגעקוקט אַ מינוט, ווען גיטעלע זעצט זיך אַנידער אין קראָם, האָט ער געקנעלט מיט איר:

— דו ווייסט, ליבינקע, אַ ביסל הגדות איז אַ מוז־זאַך אין

געוועלב. ר׳וועט קומען, ר׳ פסח, וועט ער אויף אונז, בערן־טרייי־בערס, נישט ווארטן. און טאַקע אַ פעקל ציצית צו טליתים, פאַר לייב־צודעקלעך.

— אַלץ דאַרף זיין, — האָט ער, אַוועקזעצנדיק זיך, געטראַכט אויפן קול און נישט קיין ריר געטאָן זיך פון בענקל: יום־טוב, קכע־קכבעע, — האָט ער זיך מאָדנע צעהירזשעט, — אום פסח גרייטן זיך יונגעלייטלעך צו ווערן באַלעבעסלעך. אַ טלית איז אַ ייִדיש מלבוש. המם, ווי דען? — האָט דער ייִד מיטן אַלט־געלן ייִנגלשן פּנים גאָר אומגעריכט זיך צעזונגען: אַ ווילע, אַ ווילע, — און צוגעגאַנגען צו גיטעלען.

אָפּגעריסן זיך פון דעם אייליקן דרויסן, האָט זי זיך שטאַרק איינגעקוקט אין אים און אָנגעכאַפּט זיך פאַרן קאָפּ מחמת דעם פריקרע לידל, וואָס דער אָנבערדיקער האָט, גלייך אַ טשאַטע פלעדערמייז, אריינגעטריבן אין דעם שלומערדיקן פאַרנאַכט. ווי פון אַן אָנשיקעניש, אַ שטיק צרה, האָט זי געוואָלט אַנטלויפן פון דעם־אָ. מיט די האַנטפלאַכן האָט זי זיך פאַרשטעלט די אויגן און אַזוי — אין דער פינצטער — נאָכאַמאָל דערשפירט די האַמעטנע לאַסט פון פאַריתומטן הויז, וואָס איז געפאַלן איוף איר. געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, פאַרשטאָפּט די אויערן און געבעטן זיך:

— פעטער פישל! פעטער, לאָז געמאַך. דער מוח פלאַצט אויף אָן דעם.

דאָס מיידל האָט באַשיידן געליטן פון דעם מצמד און גע־ראַנגלט זיך, כדי איר מרה־שחורה נישט אַריינצוברענגען אין שטוב. די שלאַפע מאַמע האָט עס געענוג. גיטעלע האָט אַראָפּגעשלונגען דעם גאַנצן ברענענדיקן צער. אַ גליק, כ׳לעבן, דער פישל־יונה — האָט זי זיך גיך אָפּגעקילט. באַנאַנד מיט איר האָט ער דאָך געשלעפּט דאָס פעקל.

און באמת: ווי ער וואָלט געהאַט אַ תשובה אָפּצוקומען, האָט ער גענומען אויף זיך די פיין פון דער שטוב. ער האָט אָפּטער זיך אָפּגעריסן פון שטוב־געטועכץ און אַוועק אין קראָם אַריין. אָן גערע־דערייען האָט ער זיך מתכוון געווען מער זיך אָפּצוגעבן דעם הויז.

ער האָט געמאַכט אַ חשבון פון די פאַראַנענע סידורים, מחזורים, הגדות, טייטש-חומשלעך און ציצית; געסדרט, גלייכגעלייגט זיי אויף די פּאָליצעס, געציילט און איז אין שטויב-וואָלקן געבליבן שטיין אַ קאַמיש-פאַרשוויצטער און פאַרמוחטער. אַרום די נאָז-ווינקלען איז ער געווען היפּשלעך צוגעריסט. שטייענדיק אַזוי צווישן די פּאָליצעס, האָט ער זיך אַ סך מאָל פאַרקלערט, געריבן זיך דעם שטערן און — כאַפּנדיק זיך, אַז עס טוט זיך נישט אַליין — האָט ער פון דאָס ניי גענומען ציילן די סחורה.

דאָס מאָל האָט ער שוין געציילט פאַר זיך, גלייך אין קראָם וואָלט קיינער נישט געווען אַ חוץ אים.

— נישט איינס, נישט צוויי, נישט צען, נישט אַ מענדל, נישט אַ שאָק...

פאַרטיק געוואָרן מיט איין סחורה, האָט ער אַ צעשמייכלט-פאַרטראַכטער, זיך אָפּגערוט און אַ נעם געטאָן אויף אַ נייעם מאָטיוו:

— אמר ר' יוקעלע,
רב יוקעלע — —
מיינט דער פשאַט
דאָס פשאַ-טאַ-טעלע!

אין פאַרטראַכטקייט געצויגן דאָס ניגונדל און אָפּרייסנדיק עס, מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן צום מיידל, גלייך ער וואָלט אַקאָרשט איצט זיך דערטראַכט צום עיקרשטן:

— ווייסטו וואָס, ר' גיטל?

— וואָס, פעטער פישל? — און זי האָט אַרויסגעשטעלט אירע פרעגנדיקע אויגן.

— וואָס, פרעגסטו? וואַרט, כ'על דיר באַלד זאָגן. וואַרטסט? — קוקט ער זי אָן; — עטיע-פּעטיע דאַרף מען האָבן; דער דומה-פינגער דאַרף זיך קאָנען רירן... מיינסט, די גבירים זיינען נאַראָנים? — עס וויגט זיך זייך שטערן: — אַן עוף מוז האָבן אַ טרונק, אַ קראָם טאָר נישט זיין אויסגעלערט. יידיש פאָלק דאַרף האָדעווען יידישקייט. ס'קריכט דיר אין קאָפּ אַריין, ר' גיטל?

— לערנסט פרק, פעטער פישל?

— איך לערן? מען לערנט מיט מיר, מען לערנט מיט דיר. ווייל איז דיר, דו פארשטייסט נאך נישט אלץ. אלץ, הערסט? — און ער רעדט איר גלייך אין פנים אריין: — צו גרויסע לעכער פאראן אין די פאליצעס, צו גרויסע. האט מע שוין אנגעטאן דעם באמעט, איז וויא, וויא! ווי דען? ס'שלעפט זיך שוין אליין. מע מוז נישט דווקא אונטערשמיצן. א מאמע — ענדערט זיך זיין טאן — זי זאל געזונט זיין, דארף נישט דאגהן, נישט צו שטארק דעם קאפ אויסשוואכן. ווי מיינסטו, ר' גיטל, אז מ'האט א שלאפע מאמע?

— גיי, הוזקסט, פעטער פישל!

— פון וועמענען? ביסטעך א ציגעלע. האסטו געזען? — האט ער ארויסגעשפארט זיין ווייכע, ווייבערישע גאמבע אויפן מיידל, הארט געגלאצט, אזש איר איז מיטאמאל הייס געווארן. אויף אירע באקן זיינען ארויס רויטלעכע בושה־פלעמלעך. זי האט אראפגעלאזן די וויעס, און ער האט כסדר איך איר אריינגערעדט אזוי, אז זי האט די רייד דערשפירט ווי אנגעגליטע שטיינער: זיי שיטן, שיטן זיך אויף איר מיט רוגזא:

— א קאטאוועס דיר... מע באדארף קריגן גראצערס, די גרא־צערלעך!

אויסגעצויגן איז יעדער קלאנג זיינער, און א פארעקשנטער דערנענטערט ער זיך צו גיטעלען.

זי איז געווען צערודערט. קוקנדיק אויפן ייד, האט זי פלוצעם מורא געקראגן, ווי מע קריגט מורא פאר א היימיש־נאענטן, וואס גייט פלוצלינג אראפ פון זינען. זי האט זיך צונויפגעקארטשעט. ער האט ווידער גערעדט, נאר זיינע רייד זיינען, מחמת אויפרעגונג, נישט באלד דערגאנגען צו איר.

— דיין טאטע, עליו־השלום, איז נישט געווען קיין גביר, ס'וואר? — פרעגט ער איר ראפטעם, און גיטעלען קומט פאר, ווי דער פישל יונה וואלט גערעדט אויסן וועג.

— זעסטעך, — ענטפערט זי מיט ווידערווילן, און שרעק שטעלט זיך אפ אין איר בליק: — א גרויסער גביר.

— כ'זע טאַקיש, זאָג איך דיר, ר' גיטל. אַצינד זאָג מיר, ווו פלעגט ער נעמען אַ גמילת־חסד בשעת־הדחק?

ער האָט דערביי אַ שנופּ געטאָן מיט די גרויסע נאָזלעכער; די געקנייטשטע נאָז מיטן ברייטלעכן שפּיץ האָט זיך אַ שטאַרקן באַוועג געגעבן.

— ער האָט דען געזאָגט? — האָט איר געדריקט אין דער קעל.

— קרים זיך נישט, טעטע, — זאָגט ער און ס'דאַכט זיך, דער אומהיימלעכער ייד וויל אַזויערנאָך איבערבעטן דאָס מיידל: — נישט געזאָגט, יאָ געזאָגט, אָבער העלפן מוז מען זיך? — הערט זיך שוין טענה אין זיין שטים: מע מוז. דער רבונו של עולם האָט געבאָטן די יידן: העלפּטס ענק, עלעך ציהעלפן. זאָג זשע מיר, מיידל, אַ ידיד, אַ גוטן פריינט, האָט ער געהאַט, ער זאָל זיין אין ליכטיקן גן־עדן?

זי האָט געהערט, און עס האָט איר אויסגעקניפּט שטיקער לייב.

— ר'איז געווען אַ קנאַפּער גייער,—איז זי שוין געווען נענטער צו געוויין, דערמאָנענדיק זיך אינם טאַטן, וועלכער האָט זיך באַהאַפטן מיטן טויט, מיט דער פינצטערער גרוב.

נאָר ער האָט פון איר אַרויסגעקריגן, אַז דער טאַטע איז געווען דעראָן מיט ר' אלי קאַראַ.

— אפשר, — האָט זי געצוקט מיטן אַקסל, — פלעגט ער ביי אים אַמאָל „כאַפּן פון דער האַנט".

— ווער ז'דאָס? — איז פישל יונה ווידער צוגעשטאַנען צו גיטעלען.

— קאַראַ?...

פון דאָסניי הייבט זי נישט אָן צו פאַרשטיין דעם ייד מיט דער אויסטערלישער צורה, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין סימן באָרד... אַזוי פאַלט איר איין אין דעם אויגנבליק מחמת אויף אַזאַ טיפבלייכער, געלבלעכער הויט קאָן מסתמא נישט אָנוואַקסן קיין האָר; אַ שטייגער גראָז אויף זאַמד, טרוקענער ערד.

— אַ פראָפּן־מאַכער איז ער. פראָפּענעס... — זאָגט זי, און עס אַרגט איר יעדעס וואָרט.

— אַ פּראָפּן־מאַכער? — פרעגט ער צוריק: — גאַנץ גוט. זאָל זיין פון פּימסן־האַלץ, אַבי ס'איז פּרנסה פון גאָט ברוך־הוא.

— ווער אונז גוטס גינט. אַן עושר, — גיט איר אַ מיניע אין די אויגן: — אַמאָל האָט ער אַריינגעשטעקט די האַנט אין אַ זאַק פּראָפּענעס, האָט ער אויסגענומען זשמעניעס גאָלד. שטאָט פּראָפּענעס — רענדלעך.

עס גלאַנצן אויף גיטעלעס אויגן־מענטשעלעך. זיי שפּיגלען אין זיך דעם פישל יונהן, וואָס שטייט אַקעגן איר אַן אַפּוואַרטנדיקער, אַביסל אַ צעטומלטער.

— אַזוי, אַזוי, אַ שיינע מעשה.

— אַ מעשה? — פילט זי זיך אַנגערירט אין איר כבוד: — איך דערצייל נישט קיין מעשות. אַלעטשקע אין לאָדזש ווייסן דאָס. דער קאָראַ איז שטיין רייך.

— אדרבא, איז ער כאָטשיק אַן אָרנטלעכער מענטש, גיט צדקה?

— ס'אַ ברייט הויז. ער איז דאָזאָר אין גמינע, קינדער לערנען אין אויסלאַנד.

— או־וואַ, גאַנץ שיין, גאַנץ שיין, — לאָזט אויס פישל יונה זיך פאַרוואונדערונג: — אפשר וועט מע טאַקיש פּרווון? מע באַרגט דאָך חלילה נישט אויף אויפצועסן, וועסט גיין, גיטל? מעגסט גיין. ס'נישט קיין חרפּה.

— ווער זאָגט? נאָר כ'ווייס? — צוקט זי מיטן קליינעם בעזל.

— ער קאָן אַמאָל נישט האָבן? — וויל דער ייד דערגיין גיטעלעס מינע.

— ער זאָל נאָר אַזוי וועלן, — גיט זי צו: — כל יידישע קינדער אַן זיין שאָדן.

פלאָנטערט זיך ווידער אַריין די געשיכטע מיט אלי קאָראָס פּראָפּענעס, און פישל יונה קאָן עס נישט תופס זיין: — ס'אַן אמת, צי אַ משל אַזעלכער?

— כ'פאַרשטיי נישט, — זאָגט ער: — אַזאַ גרויסע מציאה האָט ער געקויפט, דער אלי, אַז ר'איז מיטאַמאָל אַזוי גרויס געוואָרן?

— ס'האָט מסתם געטראָפֿן עפּעס אַזוינס. און ס'איז אים גע־
גאַנגען מיט ברכה, פֿון בלאָטע געמאַכט גאָלד. פֿון די ווינקלען
אַרויס זיינען ביי אים געוואַקסן אוצרות. ר'האָט אַליין נישט גע־
ווּסט פֿון ווו, פֿון וואַנעט.

---

— אוי־וואַ! אָנעהאָרע, אַ מזל, אַ מזל, — האָט דער אַלטער מיטן
יינגלשן פּנים ווי אויסגעזיפּצט און זיך רעכט פֿאַרטראַכט וועגן דעם
קאַראַן.

אים איז איינגעפֿאַלן: קאַראַ, דער קאַראַ. און זי האָט זיך פֿאַר־
עקשנט: ניין און ניין. גאַנצע טעג נאָכאַנאַנד האָט ער, אַריינכאַפּנדיק
זיך אין געוועלב, אַריינגעאַקערט אין איר:

— גיי, פֿאָלג מיך, גיטל; ער וועט דיר נישט אָפּזאָגן.

— לאָז ער אָפּזאָגן, אַז איך גיי נישט! דו וועסט דען נישט זיין
דער זעלבער יחסן, וואָס איך? — האָט זי געהאַט ביטערע תרעומות.

און סוף־כל־סוף אַליין זיך פֿאַרקליבן צו אלי קאַראַן.

אלי קאַראַס געהייז האָט זיך געפֿונען אין אַ גאַס, וועלכע איז
זייטיק אַוועק פֿון נאָוואָמייסקע. דער גרויסער געררויש איז דאָ אַביסל
אָפּגעקילט, כאָטש דער געדראַנג איז נישט קלענער. דאָ גייען נאָר
נישט קיין טראַמווייען. דראָזשקעס, שווערע וועגענער און הויכע,
גרויסע לאַסט־אויטאָמאָבילן, פֿול אָנגעלאָדענע מיט סחורות, האָבן
אומאויפֿהערלעך פֿאַרשטאָפּט די גאַס; אויך די טראָטואַרן זיינען גע־
שטאַנען אין קאָנוווּלסיווער באַוועגונג. מ'האָט געהאַנדלט אין גע־
וועלבער, אין טיפֿע האַלעס, אַריינגעשניטענע אין עגדלאָזע שטיינער־
נע איינגעווייד. פֿישל יונה איז געווען צעטומלט. קונה און סוחר
האָבן אין הייסער דינגעניש זיך אַרויסגעצויגן פֿון אַ לאַנגן געוועלב,
וואָס אין זיין שוואַרצער טיף זיינען געהאַנגען רויטע לאָמפּן־פֿייערן.
צוערשט גייט פֿון געוועלב אַרויס אַ פּאָר: אַ פּויער מיט אַ פּויערטע.
זיי האָט נאָכגעאיילט אַ צעיאָכמעטער פֿאַרקויפֿער, וועמען ס'האָט
זיך נאָכגעבאָמבלט דאָס רויע וואָרט, אָן אָנגעהיצטס פֿון זשעדנעקייט.

— פּאַניע, — האָט ער אין געטומל נאָכגעשריגן דעם אַוועק־
גייענדיקן פּויער: — כאָדזש נאַ, פּאַניע. וועסט אין ערגעץ שוין נישט

קויפן. אזא סחורה, זע, אזא ארבעט, בריליאנטן גלייך, און שפּאָט ביליק!

אויפדערגיך האָט דער צעהיצטער מענטש אַ לאַנגן, שוואַרצן מאַנטל אַרויפגעוואָרפן אויף דער פוייערישער פּלייצע. ער האָט יע־נעמס געלוסטן געררייצט מיט קלינגעדיקע רייד:

— זעסט, יאַשניע וויעלמאַזשני, ס'אַראַ סחורה ס'איז. און קניפּ אַזויבע! דער קראַוויעץ יאַקוב וועט נישט קאַרגן קיין גוטע צודאַטן... ס'איז בחינם, יאַק באָגאַ קאָכאַם. ווען נישט די ממתקים, וואָס כ'ברויך אַקוראַט, אוי־אוי!

אין דער אַנגעצונדענער צורה בליצן אויף די אויגאַפּעס און זי, די ברענענדיקע צורה, גיט זיך אַ דריי אויס צו דער אײַנגעפּעקלטער גויה:

— נו, מאַמעלע, גיב די האַנט. קוק, כ'וויל דורכקומען!

און ער ציט די פּויערטע אויף זיין שמיד־אייזן אַרויף.

תיכף פאַלן הילכיקע קלעפּ אין מאַזאָלנע לאַפּעס אַריין. עס טומ־לען און פּאַרטומלען הייסע רייד; די זלאָטעס שליידערט מען אַרויף, אַראָפּ. ס'איז אַ געצאַפּל פון פּראָסטער חשקות צו אויפגענייטער טראַנטע, צו פּאַרפירערישן מינץ, און עס דרייט זיך דער מסחר.

דער פּראָסט שאַרפט אויס די לופט, עס נעפּלט זיך פאַרן בליק.

פישל יונה איז געשטאַנען און געגאַפט: אוי, אַ פּרנסה, אוי, אַ לעבן משטיינסגעזאָגט! ערמה און איילעניש. ס'ביסל יאַנדעס גע־שטעלט אין קאָן... כאָטש ס'האָט אים עפּעס געאַרט אין דער נישט־יידישלעכער, שווערער פּאַריסנקייט, וואָס איז אַרויסגעטראָגן גע־וואָרן אויף דער גאַס, האָט ער דאָך זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם געזעענעם. פאָרט — פּרנסה — האָט ער כהרף־עין געפּרווט רעכטפאַרטיקן דעם סוחר, וואָס האָט זיך געטרייסלט פאַרן גילדן אין דעם פּויערס קניפּל. די פיס האָבן פישל יונהן געגומען פרירן, די שפּיץ נאָז גליט. ווי מיטאַמאָל האָט ער אָפּגעפילט די שטעכעניש פון דער קעלט. ער האָט דעריבער אַ באַוועג געטאָן מיט אַ האַנט, געריבן אַן אויג און דערמאָנט זיך אין אלי קאַראָן.

— וווּ וועט עס שוין זיין? ס'אוודאי נאָך ווייט.

ער האָט אַליין נישט באַמערקט, אַז ער האָט עמעצן אָפּגע־שטעלט, און יענער האָט אָנגעוויזן:

— אַט דאָ לינקס. מע מוז אָנקלינגען.

דער ייד האָט אָנגעהויבן שפּירן אַן אומזיכערקייט אין שריט. וואָס וועט ער זאָגן, אַז ער "ער אַליין" וועט עפענען? און אפשר, נישט ער. אַזעלכער כאַפּט אוודאי אַ פּאַרמיטיק־דרעמל. ס'איז אַ חברה פּויליאַקעס, די נגידים. מ'זאָל באַהיט ווערן פאַר צופיל רייכקייט, און, צוריקגעשמועסט, ער איז, מעגלעך, גאָר פאַרנומען אין אַ געשעפט. אַז וויפל דאָס האָט, האָט עס ווינציק. אגב, ווער ווייסט זיי... דער אָנגעביטשעוועטער פּאַרשוין קאָן גראָד טוען ביים רעכטן געדיכטן: זיצן ביי די אמתע זעקלעך... פּאַפּירענע סיגנאַציעס מוז מען ציילן, מכל שכן, אַז מ'האָט אַ סך, אַ סך; גאָלד־שטיקלעך וועגט מען אויף אַ וואָג. מ'נעמט אַן מיט אַ שופלע און מע וועגט ווי קאַרטאָפּליעס, ווי אַ שקאַרמיץ מעל...

באַשעפּטיקט מיט די דאָזיקע גלוסטיקע, ציטריקע געדאַנקען, איז פישל יונה צוגעקומען צו דער באַגערטער טיר.

שטייט ער און טראַכט: אַט גייט ער אַרויס, ער. און אין היץ פון זיין קלערן, זעט ער טאַקע אים, דער אויסגערוטן עלטערן מאַן מיטן געקעכלטן פּנים. ער איז אין אַ סויבלנעם פעלץ, אין גוטע וואַרעמע הענטשקעס, געמזאָווע שטיוועלעך מיט קאַלאָשן, און אַ טייערער שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל טענצלט נעבן אים. עס איז טאַקע ער, אלי קאַרא, דער, דער, כאָטש ער קאָן אים נישט. וואָס וועט פישל יונה אָנהייבן איצט, וואָס פאַר אַ פּנים וועט ער האָבן — ער דער שנאָרער פון כלאָפּסקע אָשעיאָקעוו.

אין פישל יונהן שרייט אויף די פּעכיקע שרעק פאַרן אומגליק, וואָס אַט־אַט רייסט עס זיך אָפּ און גייט גלייך אויפן הויז, אויף די מענטשן, וואָס זיינען אים נאָענט געוואָרן. עס הודזשעט אין קאָפּ פון די געדאַנקען, ווי אַזוי בייצוקומען דעם גביר... האָט גאָט אין האַרצן, ר' אליהו קאַרא; נישט קיין נדבה, רחמנא לצלן, בעט מען ביי איך... נאָר נישט קיין מתנת־אדם, רבונו של עולם!

אַרויסגעגאַנגען איז אַ יונגערמאַן אין אַן אַש־גראָען פּאַלטן מיט

ברוינלעכע דיאַגאָנאַל־צוויגעלעך, אַ פּאַרצייטישן מאַנטל מיט אַ שאַלאָוועּ פּוטער־קראַגן. אַ קאַפּעלוש, אויך אַ גראָער, האָט זיך אַ וויג געגעבן איבער אַ ברוינעט פּנים, אויף גרויסע האָרענע ברילן. פאַרהאַלטן זיך אויף דער שוועל, האָט דער מענטש געפרעגט דעם ייד, וואָס אָן אַ חתימת־זקן:

— צו וועמען? — און אַ קוק געטאָן אַראָפּ טרעפּ, וואָס באַלד דערנעבן.

— כ׳ביך נישט קיין היגער, — האָט פישל יונה זיך פאַראיקעט.

— גוט, אַ פּראָווינצער, אָבער וועמען זוכט איר?

— אין אַ שליחות, — איז ביים אָשעיאָקעווער אַרויסגעשפּרונ־גען אַ תירוץ אין פאַרלוירנקייט.

דער אויסגעסטראָצלטער יונגערמאַן האָט פאַרצויגן די נאָז, אַ האָצקע געטאָן איבער די שטיגן איין מאָל, אַ צווייט מאָל און איז נעלם געוואָרן. פישל יונה איז אין פיר־הויז ווייטער געבליבן שטעקן אַ מבולבלער. ער האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזן פון גאָרן:

...ס׳איז צו פאַראַדנע — האָט ער געטענהט צו זיך. — מע באַדאַרף אויסגעפינען אַ צווייטן גאַנג.

ער האָט געטראָפן צו אַלי קאַראָס הינטער־טיר. עס איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ זיסלעכע פאַרע פון געשמאַקע מאכלים, און פון דער פאַרע איז אַרויס אַ פרויען־קאָפּ מיט אַ שויבער.

— ווער איז דאָס?

— אַ ייד. צו רב... — האָט פישל יונה שווערלעך געשלעפּט דאָס וואָרט.

— צו וועמענען? אַ מענטש דאָס איז!

— צו קאַראָן, — האָט זיין קול געציטערט אין אומזיכערקייט.

— צום הער גייט מען דורכן פראָנט, — און די טיר האָט זיך פאַרמאַכט פאַרן יידס נאָז. אַ מערכה, פישל יונה האָט זיך געהאַט אָנגעשפּאַרט אינעם קאַנט פון דער טיר. אַזויאַרום האָט ער נאָך געהאַט אַ שפּאַרע אין דער טיר־עפענונג, און אין איר האָט ער אַריינגערעדט:

— זייט מיך מער נישט מטריח. כ'האָב נישט קיין כוח, — האָט דער ייִד געמרוצעט, ווי אַ געשלאָגענע קאַץ.

— דאָס גייט, און ס'האָט נישט קיין כוח! — איז יענע געווען אומצופרידן פון דעם גאַסט: — ווילט איר — האָט זי הערגאָך צו־געגעבן: — וואַרט אַ קאַפּעלע.

ציי ער דאַרף וואַרטן, האָט ער אייגנטלעך נישט באַנומען. עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, און מ'האָט אים גערופן אין שטוב אַריין. ער איז פאַרבײַגעגאַנגען די קיך, ער איז געקראָכן דורך לאַנגע, פּרעמדע שטובן מיט שווער מעבל; די וואַרעמקייט האָט פישל יונהן געוויקלט און איינציייטיק שכורלעך שאַרף געפּיעשטשעט. דערפון האָט אים געבומען מישן אין קאָפּ. ער האָט נישט דייטלעך געהערט, אַז מע רעדט צו אים; פונעם ווערטער־פלוס, וואָס איז געגאַנגען איבער אים, האָט זיך צו זיין באַוווסטזיין דערקליבן בלויז דער הויך פון ליבלעכער פריינטלעכקייט. מוז זיין, דער ייִד איז געווען דורכגעפרוירן שטאַרקער, ווי ער האָט עס אַליין געפילט. די שטוביקע וואַרעמקייט האָט אים פאַרשלעפערט. ווען ער האָט זיך געוועקט פון אומגעריכטן שלומער, איז פאַר אים געשטאַנען ריוועלע קאַרא: אַ ברונעטע איז זי געווען, די נגידיתטע, אַ ציכטיקע, מיט אַ גאָלדענער בראָש אויפן סאַמעטענעם קלייד. איר שטים איז ברוס־טיק און קלוג.

— זי האָט גוט געקענט ר' חיים ראָטענבערגן, זיי צו לענגערע יאָרן. זי דערמאָנט זיך נאָך, זאָגט זי, ר' נתנען עליו־השלום. קיין ספק נישט, אָרנטלעכע באַלעבאַטים. אַ שאָד, נעבעך דאָס הויז, דאָס קינד, וואָס שיינט אַרויס פונעם געוועלב. גיטעלע הייסט זי, זאָגט איר? מע דאַרף, באַהיט זאָל מען ווערן, זיין בלינד, נישט צו באַ־מערקן דאָס שאַנקייט פון געוועלב אַרויס. אַ שאָד, דערפון ווערט אַ תל. ס'דאַרף זיך טרעפן אַ לייטישער שידוך.

פישל יונה האָט געלאָזן נאָך זיך אַ צוקער־באַקלעפּט גלאָז פון הייסער ווייסער קאַווע, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען ביים נגי־דישן טיש, אַ טעלער מיט פּוטער־בולקעלעך (ער האָט זיי נישט אָנגערירט מחמת שעמעוודיקייט) און אַ גלעזן קלאָשל מיט דורכ־

זיכטיק ברויגעם האָניק. מיט אלי קאראַן האָט ער זיך נישט געזען. די קארעכע האָט אים נאָר געלאָזט וויסן: ס'וועט זיך אין אָרדענונג. גייט געזונטערהייט. גאָט וועט העלפן. ענקער אדרעס ווייסען.

די גאַס האָט זיך געוואָרפן אונטער זיינע טריט. זיינע אויגנ־אַפּלען זיינען געשפרונגען אין די בעסטן. זיין געהער איז געווען ערגעץ ווייט פון דאנען, פארנומען מיט אַ הארצלעכן פרומען שמו־עס, וואָס ביי אַ יידישן טיש. צו פישל יונהס אויער האָבן נישט דערגרייכט די פארשייטע שטויסן און די פונאנדערגעבונדענע קולות פון די קויפערס און פארקויפערס. אין זיין פארטומלטן רעיון האָט זיך דורכגעגראָבן אַ וועג דער גוטער זאָג פון דער קארעכע:

— גייט געזונטערהייט. ס'וועט זיין אין אָרדענונג.

און נאָך האָט ער געדענקט:

דעם אדרעס ווייסט זי.

.2

אלי קאראַ איז טיש־זיצער אין דער גמינע, וואָס אויף דער בייער שטאָט, אַנטקעגן דעם ראָטהויז־זייגער. אויף אָגראָדאָווע, וווּ ער האָט ס'געהייז, איז אויך זיין גרויסע האַלע. קאראָס האלע. יידך סוחרים האנדלען אין זיינע אָנצאָליקע געמויערטע געוועלבער, אין די לאַנגע שורות הילצערנע בוידן. פון וואָלוועלע קאָרטן, צייגן, פּיאַסקאָווסקיס פּאַטשוילן, שפּיגלס קאָפּ־טיכלעך, הירשנבערגס טריקאָ־וועש, אָשר קאָנס ביעטצייג, פון אַלע וואַרעמע באַרכאַטן און צעלניק איז ביי אלי קאראַן די „סטאָליצע” אויף גאַנץ פּוילן. אַהין איז מען אריינגעפאָרן מיט גרויסע ליידיקע ראָלוואָגנס, און מ'איז אַרויסגעפאָרן מיט פולע, באַדעקטע מיט שטיקער זעק און ראָגאָ־זשעס. פון קאראָס האלע ווערט ס'פּויערים־פּאָלק פאַרזאָרגט מיט גראָבע וועלוועטענע תחתונים, וואָס צערייסן זיך קיינמאָל נישט און מיט קאָלירטע ציכן, וועלכע בליאַקעווען נאָר געשווינד אין די גרויסע ברעטערנע בעטן. אין אלי קאראָס האלע ווילן יידן נישט הערן פון קיין אייל סחורה, וועגן פארקויפן אַ וואַרעמע יאַקע. עס לוינט פּשוט נישט.

— גייט, מאַכט אַ ברית אויפן וועג, — האָבן די לייט פון דער

האַלע די טבע אַפּצופּאַרטיקן אַ קבצן, וואָס וויל דאָרט קויפן פאַר אַ שיבוש וועלוועלער. אויף אַגראָדאָווע קויפן הורטאָוניקעס גרויסע באַלעמס סחורה, און מיט ברען צעפּירן זיי דאָס איבער דער גאַנצער מדינה. מע ציילט גראָבע מטבעות און מע חתמעט אויך וועקסעלעך. אין דער האַלע גייט אַ מסחר פון גרויסן שניט. מע פירט זיך אויפן ברייטן פוס, און עס דרייט זיך דאָס רעדל. מען באַרגט זיך, און מע באָרגט אויך יענעמען, ס'פאַלן אויך באַנקראָטן, פּליטהס, ווי די דונערס פון העלן הימל.

אין דעם-אַ רעדל האָט זיך, מיט זיין גאַנצער ברייט, אַריינגעזעצט ר' אלי קאַראַ, און ער לאָזט זיך נישט צו קיין גרויסע עגמת־נפשן. ער לעבט און האָט אַ יידישלעכע הנאה, אַז אַנדערע קומען צו זיך. און קומט אַ קלאַפּ פון ערגעץ, עמעץ זעצט אַן אַן אַפּותיקא, איז אויך נישט קיין הימל-געשריי ביי אים.

— כ'האָב שוין געהאַט שווערערס, — איז זיין טענה: און זיך אויך נישט ס'לעבן גענומען. לאָמיר וויטער האָפן אויף אים.

אלי קאַראַ איז אַן אָרנטלעכער ייד. ער האַלט זיך פאַר אַן אַלעקסאַנדערער חסיד, כאָטש ער וויכט אויך נישט פון ראַדזימינער. ער איז נישט קיין שטאַרק פאַרקנייטשטער.

— איך בין אַ זעלנער ביים רבונו של עולם—איז זיין ווערטל: וואָס עס איז אָנגעשריבן פאַר אַ יידס וועגן, מוז ער, ווי אַ זעלנער, אויספירן.

ער איז פשוט, ווי ס'שטיקל ברויט. פון אויגן-גלאָצעניש לאַכט ער. אויך זיין שטוב שטייט אין דער מיטן צווישן צוויי עולמות: זי איז יידישלעך, מיט חנוכה־לאָמפּ, מיט אַ ברייטן יום-טוב-טיש, און זי איז וועלטלעך מיט וועלטלעכע ביכער, מיט ראַזירטע בערד. ביי אלי קאַראַן אין שלאָפשטוב ליגט שטענדיק אַ ספר, אין וועלכן ער איז אָפט מעיין, און אין די צימערן פון די זין וואַלגערן זיך די ווערק פון פּושיבישעווסקי און ראָמען ראָלאַן. די איינציקע טאָכטער שמינקעוועט זיך, טראָגט זיך שטאַרק מאָדיש, כאָטש דער מוטער שטערט דאָס נישט זי אָנצורופן ציריעלע (געווען אַן אָפּגעהיטענע באָבע אַזאַ אין דער משפחה), די ברידער לאַשטשען זי.

ביי זיי איז זי צעליבקע, בעמען זי מיט איר טעאַטער אַריין, ציען זי אַריין אין זייערע ברידזש־פּאַרטיעס, מיט וועלכע עס שאָקלט זיך דאָס גאַנצע הויז.

דער עלטסטער זון, סענדער, אַן וועלכן מען פאַרענדיקט נישט קיין שום געשעפט, זיצט אַפּ גאַנצע טעג ביי ווייבינגערן, אָדער — מעשה משוגעת — ביי פּימיגריילין.

פון שווילטאָג האָדעוועט זיך ביי אַלי קאַראָן די זין אין פאַרשלעפּטער בחורשאַפט. ממילא זוכן זיי אויס, מחמת ליידיקגיין, אַלע ביינעסן.

דער אַלטער גיט זיך ווייניק אָפּ מיט דער שטוב. קומט ער גאָר אַהיים, פאַרעט ער זיך מיטן בינט שליסלען ביי דער געפּאַנצערטער קאַסע, נעמט עפּעס אַרויס, לייגט עפּעס אַריין. אַמאָל זעצט ער זיך אַוועק שרייבן צום זון אין גרענאָבל:

„מיין ליבער יורש, טו נישט אָן דער מאַמען קיין צרות, גיב מער צו וויסן פון זיך און שרייב, ווען דו קומסט אַהיים אַ פאָלנער אינזשיניער. דיין טאַטע האָפט, ער וועט פון דיר האָבן מער נחת ווי פון דיינע ברידער. שמואליק ווערט פאַרפאַלן ביי די קאָרטן, סענדערן געפעלט אַלץ נישט קיין שום כלה. איך שיק דיר אַ טשעק פאַרן הייַנטיקן חודש. פאַרנוץ אים מיט געזונט. אַלע גריסן דיך פריינטלעך.

דיין ערגעבנסטער פאָטער".

אַלי קאַראָן איז דערווידער דאָס פירעכץ פון די אַלטע קאַוואליערן זיינע. כאָטש ער שמועסט מיט די זין, פרעגט זיי וועגן די עסקים, אָבער אין האַרצן איז ער נישט מיט זיי. יין נסך, אַלי! — שרייט אַרויס פון אים די געצוימטע פרעמדקייט צו די אייגענע זין. דער עלטסטער איז שוין גאָר אַ פאַרפאַלענער. שוין אַ שטאַרקער דרייסיקער, ס׳פּנים פריצייטיק געקנייטשט, די שטייף־בלאָנדע האָר, וועלכע ער פאַרדעקט קיינמאָל נישט, אַזוי זומער, אַזוי ווינטער, זיינען אָפּגעשאָסן, ווי צעטאָרגעט שטרוי. סענדער שפּאַנט איבער די צימערן אונטערשפּרינגענדיק אויפן לינקן פוס. די אַלי קאָן דאָס נישט צוזען. אָנגעלעבט זיך אַ מיאוסע קרענק, סענדער,

מאָרדעווועט ער זיך און מאָרדעווועט אַ גאַנץ הויז, דאָס שטיק עשיו!
אָפּגעקאָסט אַ מאַיאָנטעק, און די חרפּה ווערט וואָס־אַמאָל מער אָנ־
זעעוודיק. דאָס הינקען סענדערס שטעכט אין די אויגן. באַמערקט
דאָס דער פּאָטער, גייט ער געשווינד אַוועק פון שטוב. ער קריכט
ליבערשט אַרום איבער די געוועלבער, וואָס אין זיין האַלע; ער
כאַפּט אַ „וואָלוועלען שמועס" מיט דעם און מיט יענעם, אָדער ער
גייט אין דער קהילה־שטוב אַריין. דער פּאַלטן איז אים צעקנעפּלט,
די פּאָלעס ברייט צעפלאָשעט, און דער שטעקן ביי זיין רעכטער
זייט טופּעט אונטער, טופּעט: הוק־סטוק, הוק־סטוק. קאַראָ גייט
אייגנטלעך נישט אין קהל־שטיבל אַריין; ער שפּאַצירט זיך איבער.
אויפן וועג שטעלן אים אָפּ באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע. איטלעכער
האָט אַ וואָרט פאַר אים, אַנדערע בעטן אַ טובֿה. ער ענטפערט
אַלעמען געלאַסן און הוסט אָפּ מיט אַן איינגעזעסענעם לאַנגן טאַ־
באַק־הוסט. דערנאָך גייט ער וויטער. די היים־געשעפטן פירן זיך
שוין אָן אים. די זין זיינען שטענדיק אויפן אָרט. זי, ריווע, טוט
אויך אַ בליק, וואַרפט טיילמאָל אַריין אַ וואָרט אין געשעפטלעכן
גערייד. און דער שמועס גייט אַ סך מאָל איבער, איר צוליב, אין
אַ נייעס, וואָס מע דערציילט אומיסטן, לשם היימלעכקייט.

וואָס צו דערציילן געפינט זיך שטענדיק. אַ „געשמיסענער"
טרעפט זיך תמיד צווישן עולם, וואָס צערייסט זיך פון הונדערטער
געשעפטן און ווערט סוף־כל־סוף פון זיי איינגעשלונגען; „גראָבע
פליגל" פעלן אויך נישט צווישן די הענדלער. יידן האָבן ווייבער,
און זיי פּאָרן זיך; יידן ווערן אַמאָל נכשל מיט אַ זייטיק עבֿירהלע.
און זיינען נאָך דאָ קינדער, האָט מען צו דערציילן פון זייערע ליבקע
ראָמאַנסן, כאָטש מען האָט שוין געקויפט קידושין־רינגלעך, און די
שיך־אויסמעבלירטע, פּוסטע דירות וואַרטן אויפן ליבע־הויך פון
די באַשערטע און פאַרבענקטע. יעדן טאָג ווערן געבוירן רכילות־
לעך, וואָס פאַרזיסן דאָס לעבן פון די פּראָסטאַקעס. די דאָזיקע
רכילותן שווימען אָן צו די קאַראָס צוזאַמען מיטן רויש פון דעם
ריזיקן האַנדלס־הויף, וואָס קייכט חולה־נופלדיק אונטער די
פּענצמער.

פֿאַמעלעך דערקריכט דער אַלטער קאַראַ צו דער גמינע. דאָרט ביי אַ גרויסן שרייב־טיש, וואָס הינטער אַ געגלאָזטער וואַנט, האָט ער העגעך בערגערן, דעם גערער. גייט ער אַהין אַריין, צע־שמייכלט זיך דער קהילה־שמש אין דער שטאַרק געדיכטער באָרד אַריין: גער און אַלעקסאַנדער זייַנען זיך שוין מתחתן. ס'עט שוין זיין אַ בראָך צום מעות־חטין. ביידע כתות פֿאַרלייגן שוין מיט די קעפּ. אלי קאַראַ באַדאַרף נאָר מסכים זיין, מ'עט געבן דיינע חסי־דים, מיינע חסידים... זיינע אויגן פֿלאַקערן. דעם העגעך בערגערס, ווען ער טוט אָפּ אַ שמד־שטיקל. מע זאָל אים געבן כאָטש טויזנט כאַלערעס, אַז זיין צורה זאָל אים אויסגעבן מיט אַ מינע. ער איז אַ געביפּטער, דער בערגער, ער וועט אלי קאַראַן שוין דעם קאָפּ פֿאַרדרייען...

איך גמינע האָט אלי קאַראַ אויך ליב צו שמועסן מיטן דייטש־שפּרעכער גרשון ביימאַן.

אַהיימגייך גייט ער אַ צופֿרידענער, פֿול אָנגעפּוישט מיטן גע־קאָך פֿון דער קהלישער שחיטה, ראַבינאַט, בית־הקברות און משר־בעים־הויז. אַהיימצוועגס פֿירט ער זיך מיט אברהם וואַלפֿישן, אַ מענטשל מיט אַ היפּש ביטל זילבערנע האָר אין קיילעכיקן שאַטיך־בערדל. ר' אברהם וואלפֿיש איז אויך אן אלעקסאנדערער, נאָר מער „אַריסטאָקראַט" פֿון אלי קאַראַן. ער איז אין אַ קורץ רעקל און אין האַרטן בעכער מיט אַ פֿאַרשמאָלצעוועט באַנד. ר' אברהם האָט, ווי אַ געשלאָגענע עגונה, אַ סך אַראָפּצורעדן זיך פֿון האַרץ. ער האַלט ר' אלין ביים עלנבויגן, פֿירט אים טריט ביי טריט, ער רעדט אים כמעט אין אויער אַריין. יענער דערציילט קאַראַן וועגן די „שפּיצלעך" פֿון די גערער און פֿאַרענדיקט תמיד מיט אַ קרעכצל אויפֿן אייגענעם מזל. אברהם וואַלפֿיש איז אַ גרויסער בעל־יחוס. ער ברוגזט זיך אויף זיין אַלטן פֿאָטער, למאי ער „טרייבט אים נעבעך", אברהמלען, דעם זעכציק־יאָריקן און לאָזט אים זיך פּייניקן צוגלייך מיט אַלע יוצא־דפּנס. דער טאַטע איז אים קורח־רייך, האָט אין וואַרשע צענדליקער קאַמעניצעס, ער, נעבעך, ר' אברהמל, האָט בלויז צוויי הייזער, אין דאָס — אין רע־לאָדזש,

וואָס איז לא עלינו נישט קיין שטאָט. עס שטינקט מיט וויגאָני׳ע און אַמעראַצעס.

ר׳ אברהם וואָלפיש פירט ר׳ אלי קאַראַן ביים עלנבויגן, רעדט אין אים אַריין. און באַגעגנט מען אַ זעלטענעם זון־שטריך, פירט ער אים אַריבער אויפן קעגנאיבערדיקן געפרוירענעם טראָ־טואַר. ר׳ אברהמלען ציט צום שאָטן, כאָטש עס איז אים גראָד נישט צו וואַרעם.

אברהם וואָלפיש איז זון־בלינד. אלי קאַראַ גייט געדולדיק ביי זיין זייט און שאָקלט צו:

— אוודאי, אוודאי.

---

דאָס אַנבייסן כאַפּט מען אָפּ אַבי־ווי, אויפגעצווונגען, ווי מע צווינגט אויף אַן איינגעמעניש. מע לייגט זיך שפּעט שלאָפן, מע עסט נאָך אין מיטן נאַכט, ווילט זיך טאַקע נישט עסן אין דער פרי. נאָר די דינסט דערגייט די יאָרן. זי טראָגט עס נאָך צו צום געלע־גער, זי שטעלט עס אַוועק אונטער דער נאָז:

— דער הער מוז שוין אַנבייסן... ס׳איז צייט!

דער יונגער קאַראַ גיט זיך דערפון אַ טרייסל.

— וואָס פייניקט זי! — בורטשעט ער.

— אַנגערירט די קרוין! — מורמלט זי, דורכטראַגנדיק זיך דורכן צימער, מיט אַ קרימעניש:

— נאָר דאָס קראַצט זיך, קרעסטירט זיך! אַ וואָרער גיהנום! שלעפּט זיך אַן אַנבייסן. מיט אַ פולק זעלנער קאָן מען גיכער פאַר־טיק ווערן.

ווי־עס־איז כאַפּט מען אָפּ דאָס פרישטיק. דערנאָך ווערט שטיל אין דער סאַליע. עולם קריכט זיך פונאַנדער. מע גייט אין גאַס אַריין, אָדער מע זעצט זיך אַוועק אין די זייטיקע צימערן דורכבלעטערן די פרישע צייטונגען. עס קאָכט זיך: היטלער, טשעמבערליין, עלזאַס לאָטרינגען, דער קאָרידאָר... וואָס וועט זיין? עי, שטותים! שאַנטאַזש! ער וועט זיך אויסזידן; אַ שטורעם אין אַ

גלאָז וואַסער — נישט אַנדערש. מען נעמט זיך ניט שטאַרק איבער מיטן ליאַרעם. די וועלט האָט שוין אַזאַ גאַנג, אַהין פּטור.

און ווערט נמאס דאָס לייענען און דאָס טראַכטן, גיט מען זיך אָפּ דינם לייטזעליקן דרעמל. שפּעטער־צו דערמאָנט מען זיך, אַז מען דאַרף גיין אויף אַן אָפּגעשמועסטער זעונג אין וועסאָלאָווסקיס קאָנדיטעריי, אָדער מע נעמט איינשניידן אין דער טאַליע קאַרטן.

אין שמואליקס צימער בינדן זיך פונאַנדער די לײַדנשאַפטן פון דער אָנגעזאַמלטער כאַפּטע לײַדיקגייערס. מע שרײַט, מע היצט זיך, מען רויכערט אָן אין שטיבל, אַזש פרוי קאַראַ גייט אַ קוק טאָן, וואָס עס געשעט:

— אַ גראַטשקע באַ ענק, אַ גראַטשקע... אַ גוטער יאַרמאַרק, העי?...

זי רוקט בלויז אַריין דעם קאָפּ אין קאַרטן־שטיבל, שייגעצט אָן אויף דער גיך די פּוסטעפּאַסניקעס און גייט צוריק אַוועק צו דער באַלעבאַטישקייט.

פון סאַמע באַגינען הערט זיך אַ קלונגען און הוקען פון דער קיך, וואָס אין אַנדערן פליגל פון דעם מעכטיקן געהייז. דורך דעם ווייטלעך אָפּגעוואָרפענעם קאָרידאָר דרינגען אַרײַן אין דער גרויסער דירה די ווידערקולות און די ריחות פון דער פּרעס־פאַבריק, וועלכע גייט דאָרט אָן אָן איבעררייס. פון פאַרטאָגס אָן רוט נישט די הינטער־טיר. שוין פאַרטאָגס איז די קאַרעטע אויף די פיס. עס גייען הענדלערס און אויפקויפעריגס. מע ברענגט קוישן אייער, עס שרײַען געגנדז און אינדיקעס. די קיך ווערט פול מיט רויען פרימאָרגנדיקן גערייד, מיט ראַשן פליגל־געפּאָך און שאַרפן געגאָנער. עס קומען אויך קוילן־פירערס, כליערליי באַלמעלאָכעס. מיט שווערע שטיוול טרעטן זיי איבערן קאָרידאָר, פולן אָן דעם חלל פון די שטובן. עס גיט אָפּ מיטן האַמעטנעם ראַצן פון דעם דרויסן. און די שטובן זיינען ווי די פעלדער גרויס און פריקרע רייך מיט טונקל רויטן מעבל. מגושמדיקע אָטאָמאַנעס, קילימען, און אַלטע פּאָרצייטישע בילדער איבער די גרויסע בעטן. קאַלעמוטנע איז דאָס ליכט אין די דאָזיקע צימערן, סיידן מע דרייט אַרויף די פיל־

לאָמפּיקע זשיראַנדאָלן. פאַרטאָגס איז נאָך מער אומהיימלעך מיט דער עלעקטרי. לאָזט מען בעסער די טריבקייט זיך אויסלענגערן אין דער דירה. און דורך דער טריבקייט הערט זיך פון דער קיך, ווי די קאַרעכע דינגט זיך מיט די הענדלער, ווי זי שמועסט מיט די פּשעקופּקעס; זי ציילט געלט הויך אויפן קול און פאַרמאַכט די טיר נאָך יעדן אַוועקגייענדיקן. מיד לייגט זיך דערנאָך די שטילקייט איבערן הויז. דער טאָג רייסט פּאַמעלעך אויף די קלעפּיקע וויעס. דער שטיי־זייגער, ווי אַן אייביקער היטער פון דער ווערעמדיקער לאַנגווייליקייט, הערט נישט אויף אויסצופּיקן יעדע סעקונדע. פון דער ווייט טראָגט זיך אויך דאָס מאָנאָטאָנע, זודיקע טיקן פון די טעפּ און ראַנדלעס, וואָס זיצן אויף דער הייסער קאַכלנער פּליטע. אַז אַ שיער ווערט דאָ געקאָכט, געפּרעגלט און געבאַקן: דאָס הויז־געזונט איז נישט קליין, און די מענטשן, וואָס האַלטן אין איין גיין און קומען צו די קאַראָס, זיינען אויך נישט קיין מלאכים, און ווער עס קומט — דער זעצט זיך צום טיש.

פּרוי קאַראַ איז די הערשערין איבערן הויז. פון באַגינען אָן הערט זיך אומעטום איר זיכער וואָרט; עס שפּירט זיך די סאָלידע מאַכט פון דער מוטער איבער די איבערגעוואַקסענע זין, וואָס אַז זיי גאָלן זיך נישט אין איין דער פרי, זיינען טיף שוואַרץ זייערע באַקן.

דערהערט זיך באַר ריווע קאַראָס רוף: — סענדער, דער טאַטע! — איז אַלץ אויף דער וואַך. עס רייסט זיך אָפּ ס׳געשמועסעכץ, ס׳ווערן געוואָרפן די קאָרטן.

געטישט ווערט אין דער גרויסער סאַליע. דאָס ווייסע טישטעך און די זילבערנע לעפל־גאָפּל־מעסער פּעכלען אויסגעסדרטע אונטער דער מאַסיווער שטוקאַטור פון הויכן סופיט. איבערן טיש איז אָנגעצונדן דער זשיראַנדאָל. עס לויכטן אַלע פלאַמען, און פון זיי ווייעט אַ טיפער דרך ארץ צו דעם, וואָס עס דאַרף דאָ פאַרקומען. אלי קאַראַ זעצט זיך אויבנאָן. ערשט דערנאָך פאַרנעמען זייערע ערטער די זין מיט דער טאָכטער. אַזוי האָט ריוועלע אויסגעקאָמאַנדעוועט איר הויז. וואָס עס זאָל נישט האָבן געוועזן צווישן

איר און דעם מאַן, האָט זי אַלץ באַהאַלטן אונטערן שטערצל. די יסורים זײַנען אירע, אויך די פרײדן זײַנען אירע, אויב זײ זײַנען באַשערט — די קינדער זײַנען בײדנס. נישטאָ קײן צװײאיקײט אין דער משפחה, עס טאָר נישט זײַן — איז איר כלל, זינט יע־נער מינוט, װען זי האָט דערפילט, אַז זי װערט די מוטער פון קאראס ערשטן קינד. פון דעמלט זײַנען אַ סך װאַסערן אַפּגעפלאָסן, שטורעמס האָט זי איבערגעטראָגן, אָבער פּאַסאָן האָט זי זיך באַמיט אָנצוהאַלטן. הײַנט, װען זי איז פרױ קאַרא, די נגידית, האָט אַ שטוב מיט אױסגעװאַקסענע קינדער, פירט זי זיך פונקט אַזױ, װי זי האָט זיך געפירט אַ יאָר נאָך דער חתונה. „װי דער באַלעבאָס האַלט ס'הינטל, אַזױ האַלט עס דאָס גאַנצע געזינדל" — האָט זי אַ װערטל. אַלי קאַרא איז איר באַשערט געװאָרן, מוז זי אים האַלטן בכבוד, און כבוד דאַרף איר צוטײלן די קינדער. כאַפּט זיך װער אַרױס מיט אַ קרום װאָרט, דערלאַנגט זי פּעטש, ריװעלע. דערפאַר אַזאַ יראת הכבוד פאַרן טאַטן. פאַרשפּעטיקט זיך דער טאַטע אין גאַס, זיצן די יונגען אין זײערע צימערלעך און װאַרטן מיטן מיטיק־עסן. פריער רירט מען זיך אַפילו נישט צו צום טיש. מע פרעגט צומאָל נישט איבער: װען װעט זײַן ס'מיטיק? און ס'טרעפט: די יונגען לאַנגװײַליקן זיך, װער עס װאַלגערט זיך אויף דער קושעטקע, און װעלכן עס הונגערט שוין באמת — מע װאַרט פונדעסטװעגן „אויפן אַלטן", כאָטש די ריחות פון קיך רײצן דעם אַפּעטיט.

אָפּגעגעסן דאָס מאָלצײַט, בינדן זיך פונאַנדער די צונגען. איטלעכער זאָגט עפּעס, מע דערצײלט פון דאָ און פון דאָרטן, מען פרעגט דעם טאַטן, מע הערט דער מאַמען און אין דער שטוב לײגט זיך אויס אַ ליבלעכע געמיטלעכקײט.

נאָך אײנעם אַזאַ שפּעטן מיטיק איז טאַקע געקומען צו רײד װעגן דעם ספרים־געװעלבל אויף נאָװאַמײסקע.

— אַ גרױס רחמנות! — האָט זיך אָנגערופן ריװעלע, — אַ בכבודיק הױז.

מע דערמאָנט רב חײמען, װעלכער האָט זיך, נעבעך, פּלוצ־

טאַלבן אָוועקגעפּאַקט. אַן איינגעבאַקענע אַסטמע געהאַט, און ס'האָבן זיך צוגעטשעפּעט לונגען. מער ברויך מען נישט.

— מ'זאָל באַהיט ווערן, האָט ר' אלי אויסגעזיפצט, און זיין פּנים איז געוואָרן פינצטער: היינט די יידענע, אַ יונג מענטש, גע־בעך. שלאַף, שלאַף, אוי־ווי!

— און ס'מיידל פייניקט זיך — האָט די קארעכע באַדויער־לעך געטרייסלט מיטן קאָפּ.

ריוועלע האָט אומיסטן דערציילט אַלץ, וואָס זי ווייסט וועגן דעם טרויעריקן הויז פון די ראָטענבערגס. פאַרן מאַן און קינדער האָט זי געוואָלט אַרויסברענגען דאָס הייסע געפיל פון רחמנות. דערציילן, וואָס זי האָט שוין געטאָן פאַר דער קראַנקער — דאָס האָט זי אויסגעמיטן. זי האָט אַהינצו שוין געשיקט עטלעכע גרוסן. איינמאָל האָט זי באַזאָרגט אַ געשאַכטן עוף און אַ מיט געטרוקנטע עפּל. אַן אַנדערש מאָל איז צו דער קראַנקער אַוועק אַ זעקעלע מיט צוקער, אַ פּעקל טיי, פּוטער און אַביסל געלט.

— היינט האָט זי זיך אַליין אַריינגעכאַפּט, האָט זי דערפאַר אַ צעבראָכענעם טאָג. דאָס מענטש ליגט אויסגעדאַרט, אַ שאַרבן מיט די אויגן אין קאָפּ אַריין. עס קאָן קיין וואָרט נישט אַרויס־ברענגען פון שוואַכקייט. אַן אומגליק, ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל אַרום איר אומגיין. דערצו ווערט די שלאַפע בלויז און בלאָ פון קעלט, ליגנדיק אין בעט. אַזעלכע קרירות!

טאַטעלע דערבאַרעמדיקער, מ'זאָל נישט געפּרוווט ווערן! — טראַכט זי רעדנדיק מיט די לייבלעכע וועגן דעם ווי אַזוי מענטשן פייניקן זיך, נעבעך.

צומאָרגנס האָט ר' אלי קאַרא זיך אויפגעהויבן אַ ביסל פריער און אַוועק אַן דעם ווייבס וויסן. ער איז אַריין אַ קוק געבן אין ספרים־קרעמל. עַר האָט געטראָפן די סוחרטע גיטל.

— גוט מאָרגן, יידן, — האָט פילדייטיק געזאָגט דער אַריינ־געקומענער.

גיטעלע האָט דערשפּירט, אַז ס'איז נישט קיין קונה.

ן פגעמאָסטן אים אין דעם פוטערנעם היטל און אויסגעפוצטע שטיוול, האָט זי געענטפערט:

— אַ גוט יאָר.

— קוקסט, וואָס פאַר אַ רעטעכטראָגער עס איז געקומען? מ'זעמער ידידים דיין טאַטעשיס, זכותו יגן עלינו. מיר ווילן געוואָר ווערן, ווי עס גייט.

— וואָס זאָלעך זאָגן... — האָט ס'מיידל זיך געדרייט, ווי אַ וואָרעם, און נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן די אויגן: ס'איז שוואַך, מ'לייזט נישט.

— ס'איז דיר נישט קאַלט, בתולה, אַזוי צו שטיין אַ גאַנצן טאָג? קיין אייוועלע זעט זיך נישט דאָ.

— אַן אייוועלע? ס'קיינמאָל נישט געווען קיין אייוועלע. נישטאָ קיין קוימען.

— ווועסט געסטאָיעט ווערן, מיידל?

— ע, — האָט זי אַ וויג געטאָן מיטן קאָפּ האָר.

געשטאַנען נאָך אַביסל, אַרומגעקוקט זיך און איז אַוועק מיט אַ ברייטן קאָפּ-שאָקל:

— אַ גוטן טאָג, באַלעבאָסטע.

עס האָט אַ דרינזשע געטאָן די שויבנטיר, גיטעלען איז אַ פרעסטל אַדורכגעלאָפן איבערן לייב.

שפּעטער איז אין געוועלבל אַריין פרוי קאַראָ. אַ רויקע, אַ פיין אָנגעטאָענע, אין מאַנטל און הוט. אַרומגעקוקט זיך, אַ הוסטל געגעבן און איז געווען היימישלעך צום מיידל:

— איינע אליין?... אָ-וואַ, ביסט אַ לייטיש קינד! ווייסט, איך בין דיין טאַטנס, ר'זאָל זיין אָפּגעשיידט, אַ שטיקל קרובה. דער מענטש, וואָס איז פריער געווען ביי דיר, דער מיטן רונדן בערדל, איז מיין מאַן — אויך דיינס אַ קרוב. פאַרשטייסט, היימישע — מוז מען אַמאָל אַריינקוקן. אַ מאַנספּערשוין — האָט ער זיך גע-דרייט דאָ און נישט געהאַט די העזה צו רעדן מיט דיר. ביסט נאָך יונג, — מאַכט זי אַ ליבע מינע: ווי רופט מען דיך?... גיטעלע? אַ, כ'דערמאָן זיך שוין, נאָך אַן עלטערע באָבע הייסטו. אַ ווײלע

ייִדענע געווען! איז האָט ער מיך אַהערגעשיקט מיט אָט דעם. נאַ, וועסט דיר דערווייל העלפֿן.

און איר געשטופּט אין האַנט אַריין אַ פּעקל פּאַפּיר־געלט.

— מ'ברויך ניִשט! — זי האָט זיך אָפּגעקערט דערפֿון, ווי פֿון אַ זאַך, וואָס קאָן מטמא זיין.

— גאָט וועט העלפֿן, 'עסטו אָפּגעבן. שעם זיך ניִשט, נאַרעלע!

— מ'דאַרף ניִשט, — האָט זי זיך איינגעשפּאַרט.

די קאַרעכע איז געשטאַנען איבער איר און שטראָפֿעריש געטרייסלט מיטן קאָפּ:

— אַ חרפּה און אַ שאַנד. ווי דאָס איז איינגעעקשנט. ניִשקשה, מעגסט האָבן בטחון...

פֿרוי קאַרא איז אַוועק, ניִשט דערהערנדיק גיטעלעס „איך וויל ניִשט".

אין אָוונט איז גיטעלע איינע אַליין אַהיימגעגאַנגען. פֿישל יונה איז היינט באַכמיטיק ניִשט אַרויסגעקומען אין קראָם אַריין. שפּאַנענדיק איבער די טונקעלע געסלעך, האָט זי דאָס פּעקל געלט פֿון דער קאַרעכע געפֿילט ביי זיך, ווי מע וואָלט זי אָנגעשטעקט מיט עפּעס חשדיקס און אונטערגעוואָרפֿנס. איר האָט געשראָקן דער געדאַנק: „מענטשנס גאָב. כלומרשט אַ קרובה... העלף זיך דערווייל, וועסט אָפּגעבן..."

מיט אַ באַשווערט געמיט האָט דאָס מיידל זיך געגרייט דאָס געשעענע אויסצודערציילן דער מאַמען. אוודאי, ניִשט אַזוי ווי זי באַנעמט עס. זי וויל, די מאַמעשי זאָל זיך טרייסטן. זעסט, ס'האָבן זיך אָפּגעפֿונען אמתע גוטע פֿריינט. און מאָדנע, אַזעלכע פֿריינט, וואָס מ'ווייסט זיי אַפֿילו ניִשט.

אין שטוב איז געלעגן דער טרויער: ער האָט געקוקט פֿון דער אויסגעצערטער מאַמען אַראָפּ. ער האָט געדריקט מיטן גאַנצן בייזן כוח פֿונעם געלט, פֿאַר וועלכן מענטשן קויפֿן זיך די וועלט, אָדער זיי פּטרן דאָס טייערסטע — די געבענטשטע רו.

... גיטעלען איז געווען שטאַרק אומעטיק פֿון אַלעם דעם, וואָס

האָט נײַלעך זיך אויסגעשפּרייט פֿאַר איר. זי האָט זיך דערשפּירט שטאַרק געטראָפֿן פֿון דער פֿאַרלוירנקייט, וועלכע זי האָט דערוויסט אַרום זיך, אין זיך גופֿא. מיט דער נאַר וואָס אַנטפּלעקטער פֿרײַנטשאַפֿט פֿון די אומבאַקאַנטע, וואָס האָבן אַזוי זיסלעך גענענט צו זיי, איז איר געשען אַ נײַער ריס אין דער נשמה. נישט בלויז דער טאַטע איז איר אָפּגעשטאָרבן. דאָס ליכט, וואָס עס שפּרענגט אויס די היים (אַפֿילו אַן אומבאַהאָלפֿענע היים) איז איר איצט פֿאַרלאָשן געוואָרן. דאָס געלט, וואָס מ'האָט איר געגעבן, איז נישט אירס, נישט אירס — האָט עס געטומלט אין דעם מיידלס בלוט. דאָס אַלצדינג האָט זי אָפּגעשראָקן מיט די שרעקן פֿון גורל, וואָס איז האַרטנעקיק און בלינד.

דאָס מיידל האָט מער ווי איינמאָל זיך אויסגעוויינט אין קישן אַרײַן. די משה פֿונעם עלנט האָט מוראדיק געדריקט, זי האָט געגרויבט דעם גלויבן, אַז אַזאַ קרענק, ווי עס איז דער מאַמעס קרענק, קען מען אויסהיילן. אין איר האָט זיך אַרײַנגעקריכן דער סמיקער געדאַנק, אַז די מאַמע וועט שוין נישט געזונט ווערן. גאַנצענע טעג פֿלעגט זי זיצן אין קראָם (פֿישל יונגהן האָט מען נישט געהערט; אַ נאָכלעסיק פֿאַרדרימלטער האָט ער פֿון דער ווייטנס אַרויסגעקוקט צום דערווײַטערדיקן דרויסן) און אין וואַכיקן חלום געזען די קראַנקע מאַמע. זי ליגט מיט אָפֿענע אויגן און קוקט צום בעליק. די מאַמע דאַוונט מיט די ליפּן, און מ'הערט נישט איר שטים. די מאַמע ציט אויס די הענט צו איר און בעט, זי זאָל איר פֿאַרמאַכן די אויגן. גיטעלע האָט געזען, ווי די מאַמע גייט אויס. זי ווערט בלייכער, קאַלך־בלייך, די קינען האָבן זיך קאַנטיק אויסגעשאַרפֿט, די קינען האָבן אַ ציטער געטאָן און — זי איז קוים־קוים אײַנגעשלאָפֿן, האַלב צוגעשפּאַרט זײַנען אירע דורכזיכטיקע ווײַעס.

אַזוי פֿיל מאָל האָט זי, גיטל, נישט ווילנדיק, געחלומט אויף דער וואָך, וועגן דעם טרויעריקן סוף (ווי זי האָט זיך צוגעוווינט צו דעם!), ביז די מאַמע איז אין איינעם אַ פֿרימאָרגן אַנטשלאָפֿן

געוואָרן. שטיל, רויק, אַז אַ שטאַרק זשומענדיקע פליג האָט פלוצלינג זיך אויפגעכאַפּט אין גליווערנדיקן חלל.

---

עס איז שוין נישט געווען קיין אויסדאַכטעניש. נאָכן טאַטן איז אַוועקגעשטאָרבן אויך די מאַמע. אין דער אויסגעהוילטער שטוב איז גיטעלע געבליבן איינע אליין.

נאָך דער שבעה, וואָס זי איז אויסגעזעסן באַגלייך מיט פישל־יונהן, האָט זי זיך דערזען אויג אויף אויג מיט דער אייגענער פאַרטאַמלטער אומבאַהאָלפנקייט. אונטערגעבן זיך, צי נישט אונטערגעבן זיך — די דאָזיקע שפּירונג איז איר געווען פרעמד. בלויז אַ געפיל פון דורכאויסיקער צעבראָכנקייט און טרויער האָט זי באַהערשט. די ליידיקלעכע דירה האָט אָבער געוועקט, זי האָט געסטראַשעט מיט דער פאַרבאָרגענער פוסט פון טויט, און געלויערט פון אַלע ווינקעלעך, פון אַלע זאַכן. אַלץ האָט דערמאָנט אין די אַוועקגעגאַנגענע. סיי דער טאַטע, סיי די מאַמע זיינען כסדר געשטאַנען פאַר איר צעווייטיקטן, גליאיקן בליק. זי איז געלאָפן פון שטוב אַרויס, כאָטש ס'איז נישט קלאָר געווען, וווּ עס קאָן זיין אַן אָפּשטעל פאַר דער אָפּגרונטיקער מורא, וועלכע האָט זיך געיאָגט נאָך איר. בעסער ווי אין דער היים האָט דאָס מיידל זיך געפילט אין דער שטילער קראָם, וואָס איז פון דרויסן פאַרליאַרעמט געוואָרן מיט די פאַלשע צוזאָגן פון פאַרגעסונג.

כאָטש דאָס פריינטלעכע הויז פון די קאַראַס האָט זיך פאַרנומען מיט איר איינזאַמקייט: מ'איז געגאַנגען צו גיטעלען מיט טרייסט, מ'האָט איר צוגעטראָגן מיטיקן אין געוועלב אַריין; מ'האָט משפּחהדיק געהאָלפן מיטקלערן פאַרן קיום פונם הויז, וואָס האָט אין איר, אין גיטעלען, דעם איינציקן המשך; כאָטש דער פעטער פישל איז ווי אַ טרייער היטער נישט אָפּגעטראָטן פון איר — איז זי אויפגעגעסן געוואָרן פונם גרויסן צווייפל, צי זי דאַרף דאָ בלייבן. יאוש האָט אין איר געקלאָגט. זי האָט נישט גערעדט, סיידן פישל יונה האָט עפּעס געפרעגט, צי אַ קונה האָט זיך אַריינגעוויזן. פאַרן פעטער פישל האָט זיך זיך אַמאָל אַרויסגעכאַפּט:

— צו וואָס האָט מען מיך דאָ געלאָזן?

אָדער:

— ביסט מיד, פעטער פישל? גיי אהיים, וועסט זיך צולעגן, איך קלער מאָרגן אײַנגאַנצן נישט צו עפענען די טירן.

דער עקר, וואָס האָט קיינמאָל אין לעבן נישט געהאַט מער ווי דאָס הויז, וואָס טוליעט אים צו צו זיך, האָט זיך דערפילט מאָדנע באַדראָעט פון פאַרצווייפלונג, וואָס האָט געפאַנגען די יונגע באַלעבאָסטע. ער פלעגט שעהנלאַנג נישט אָפּטרעטן פון גיטעלען. פאַרטאָג, איך שווייגן, האָט ער זיך אײַנגעהערט אינם דרויסנדיקן זידעניש. ער פלעגט איר ענטפערן:

— גיטל, ביסט נישט געראַכט. אַ געוועלב פאַרמאַכט מען נישט. פּרנסה דאַרף מען פּיליעווען. הײַנט איז שווער, מאָרגן וועט זײַן בעסער.

און ער איז איר נאָכגעקראָכן ווי אַ שטוב־באַשעפעניש קריכט נאָך זײַן באַלעבאָסטע. דער ייד האָט פּילעווודיק אויפגענומען די יסורים פון דעם מיידל; זי איז אים נאָענט געוואָרן מחמת דעם אומגליק, וואָס האָט זיך געמערט פאַר איר בעת זײַן בײַ־זײַן. מיט ציטערניש האָט ער געקוקט אויף גיטעלעס מרה־שחורה, ער האָט איר אויסגערעדט: זי איז שטאַרק נייטיק דעם לעבעדיקן לעבן, זי דאַרף זיך גרייטן פאַר גרויסער פרייד.

— יאָ, יאָ, וועסט זען, — האָט ער צוגעשאָקלט מיט זײַן האַרלאָזן פּנים: מ'עט אונטערשטעלן אַ פּלייצע, עס וועט זיך אַ הייב טאָן.

דאָסמאָל איז עס געווען אַן אויסדאַכטעניש, דעם פישל יונהס. גאָרנישט האָט זיך שוין געלאָזן טאָן פאַרן לעבן. ביידע וואָר האָט זיך צעפּאָכעט מיט שטאָלענע פליגל. ס'זײַנען געקומען די דײַטשן.

---

— פעטער פישל?...

פון גיטעלען האָט גערעדט איר שטיינער פּנים. זי האָט כסדר געזוכט דעם פעטער נעבן זיך. און ער איז שטענדיק געווען, ווי אירס

אַ דאָפּלט־געשטאַלט, אַ פּאַרוויאַנעט אָפּבילד. ער – הויך, שלאַב־ריק, מיט אַראָפּגעלאָזענע שמאָלע אַקסלען, זי — פון אים מיט אַ קאָפּ נידריקער, רירעוודיקער און מיט אַ לייכט גינגל. אויפן פּאַנים פון דער פאַרצאַגטקייט, וואָס האָט איצט געוויעט פון די מענטשן, האָט גיטעלעס שאַנקייט מער זיך אָנגעזען. שוואַרץ אירע גידיכטע קרויזן, סאַמעט־ברוין איר פּנים־הויט, געטאָקט דאָס נעזל און ליכטיק דער בליק. פישל יונה האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר די רייצן פון איר גישטאַלט. יידישער חן איז אַן עונש בשעת אַזאַ צרה. דעם מיידלס גראַטנקייט האָט ער רעכט באַמערקט ערשט היינט, און אים ווילט זיך איינשמירן זי מיט סאַזשע, פּאַרמיאַוס; זי אין די אויגן פון די הפקרע, אַז די הענט זאָלן ביי זיי אָפּגענומען ווערן. ער האָט אין איר האַנט געשטופּט אַ דערעלע: — נעמ'ס אויפן קאָפּ! — אַזוי מסתמא וואָלט אויך די מאַמע גיטאָן מיט איר, אויב זי וואָלט דערלעבן אַזעלכע נסיונות.

ווען זיי זענען ארויס אין גאַס אריין — און געגאַנגען זענען זיי באַנאַנד — האָט פישל יונה איר אַוועקגענומען ס'בערשטל. זי איז געווינט געווען איטלעך מאָל אָפּצורייניקן דעם שטויב פונם מאַנטל. ער האָט נישט געלאָזט: — יוצא, ר' גיטל! — זי איז געווען געהאַר־כיק און אַוועק, אַזוי ווי פעטער פישל האָט באַגערט.

ווי קיינמאָל נישט ביז איצט, האָט גיטעלע מורא געקראָגן צו זיין אליין מיט זיך. דער פעטער פישל איז איר שוץ. האָט מען זיך אַרויסגערירט פון שטוב, איז ביידע צוזאַמען, איז מען געווען אין קראָם, איז אויך באַנאַנד. אין די אָפּגעליידיקטע גאַסן האָט מען פון צייט צו צייט געקענט זען אט די גייער: זי —צופריער, ער — אַביסל הינטער איר.

און גיין האָט מען געמוזט. דער דייטש האָט שנויציק, שטרענג באַפוילן: — די געוועלבער מוזן אָפן זיין. אלע ווידערשפּעניקע — טויט!

דער מלאך־המות האָט רוגזדיק זיך געשפּאַרט פון אַלע זייטן. שוואַרצע בשורות זיינען דערגאַנגען פון דער סביבה: מע כאַפּט,

מטע ראבעוועס. דער דייטש האט געשריגן אין דער אויסגעהוילטער שטאט, און ער האט געלאכט, ווילד געלאכט.

זענען זיי געזעסן אין דער אפענער ספרים־קראם אויף נאוואמייסקע, וועלכע האט (פונקט ווי די דערשראקענע גיטעלע, פונקט ווי פישל יונה מיטן בלייכן, צעווירענעם פנים) פארשפארט דעם אטעם. אומגעריכט האט די דאזיקע טומלדיקע גאס זיך אוועקגעלייגט לאנג און שטאר, און זי האט געגלאנצט מיט געשטארבענע פענצטער, מיט פינצטערע לוירנדיקע טירן. פון דער גאס איז אויסגערונען דער געדיגלדיקער רעש, און עס זענען נישט געווארן די יידן, אלע יידן, וועלכע האבן אקארשט צופריער זיך אנגעהויבן ווידער ווייזן נאך א ספרל, נאך א לייבצודעקל און א בינטל ציצית.

ס׳האט זיך געשטעלט א גרויסער הונגער. פון דער שפייז, וואס אין שטאט, האט דער דייטש וואסאמאל מער אפגעשפארט פון די יידנס מויל. אלץ האט ער פארכאפט פארן מיליטער, וואס האט פארפלייצט די מדינה. ס׳האט פישל יונהן אפטער געטריבן אין גאס אריין: ברויט, א פיצל ברויט פארן קינד. א ביסל גרויפן, א פאר קארטאפל. אין דער היים איז אלץ געווען אזוי אויסגעליידיקט, אז א מויז האט זיך נישט געקאנט זאט עסן. די קראם איז שוין נישט געווען צו דערקענען. מ׳האט זיי באראבעוועט ביז א פאדעם. א קליין מעסטל מעל אפילו צוגענומען. דערנאך — דאס ווייב געטייט און די איינציקע טאכטער פארשלעפט אויף איר זיידענעם געלעגער ארויף אין די אויגן פון דעם צעבראכענעם פאטער. אקעגן די אלע וויסטע בשורות איז דער מענטש ארומגעלאפן ווי א פארסמטער. דער שפרוך פון ברויט איז נישט אראפ פון זיינע פארטרוקנטע ליפן. זיין לאנגע יידישע קאפאטע האט ער מיט פאדעם ארונטערגעהאפטן. די דינע, שמאלע פיס זענען אין דעם הולך אויסגעקומען עפעס לענגער, דאס פנים בלייכער, צעווירענער. ער האט זיך דורכגעקראגן די בראנד־טויערן פון ווילדע דייטשן, און זיינע ליפן האבן בלאס געפיבערט, די אויגן געפינטלט. ער האט זיך יעדעס מאל דערמאנט: גיטעלע, אליין, איינע אליין, אוי־ווי! — און א אונטערגעבריטער, באוועגט זיין שלאבריקן גוף. ווו ער האט באקומען א

פּנית, אַ לעפל עסן, האָט ער עס אונטערגעטראָגן דעם מיידל.

— האָסט, נעבעך, היינט נאָך נישט געהאַט אין מויל.

כאָטש גיטעלע האָט שוין יאָ געהאַט עפּעס געגעסן.

מיט אַלע פאַרבאָרגענע כוחות, וואָס האָבן אין אים געדרעמלט, האָט פישל יונה זיך אָפּגעגעבן מיט ראַטעווען דאָס הויז, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין זיינע הענט.

פאַרנאַכט, דאָס געוועלב איז געווען פאַרמאַכט, האָבן ביידע זיך פאַרקליבן אין איינעם פון די שטיבלעך. פישל יונה האָט שטאַרק פאַרהאָנגען ס'פענצטער און אָנגעצונדן אַ לאָמפּ. אָן אויסגעמאַטערטע, אָן אָפּהענטיקע פון דעם איבערגעטראָגענעם טאָג, האָט גיטעלע זיך געוואָלט אַנידערוואַרפן אויפן געלעגער און איינשלאָפן. און אפשר זיך אויסוויינען. פעטער פישל לאָזט איר אָבער נישט איינשלאָפן „אומגעגעסן”. ער קאָכט אויף טיי, געפינט נאָך אַ ברעקל, און ביידע כליופּטשען זיי, בייסן צו שטיקלעך צוקער, קייען ס'ברעקל ברויט, און מידע פון לעסטיקן שוויגן, קוקן זיי אַריין אין אַ ספר. גיטעלע אין „ברכת הבית”, וואָס די מאַמע עליה השלום האָט אין דעם געלייענט, און פישל יונה מורמלט עפּעס שטיל פאַר זיך. פון דער און פון יענער זייט שטיבל טראָגט זיך אַן איינגעהאַלטענער געפּליסטער. מיטאַמאָל פּלאַצט אויף די געפּענטעטע שטילקייט, און עס גיסט זיך הויך פונאַנדער די אַנזאַמלונג פון ביטערניש.

— ...דו הערסט דאָך, גאָט, דו אַלמעכטיקער, די וויי־געשרייען! דו וועסט זיך דאָך זיכער נוקם זיין אין די בידערטרעכטיקע, וואָס האָבן די ספרי־תורהס איבער די גאַסן געשפּרייט, זיי אין קויט געטראָטן, און די בתי־הכנסיות פאַר שטאַלן געמאַכט. געדענק, ווי דאָס פאַרגאָסענע בלוט טוט צו די הימלען שרייען! צי קאָן דען פאַרגעסן ווערן דאָס דורך מענטשן אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט? זע! הינט און חזירים רייסן די גלידער פון די געשאָכטענע קינדער, וואָס זענען צו קבורה נישט געקומען; שוואַנגערע פרויען האָט מען די בייכער אויפגעשניטן, צאַפּלדיקע קינדער האָט מען אויף צווייען צעריסן, זייערע קעפּלעך אויף די שטיינער צעשמעטערט. אַלע היילן און גריבער זענען איבערפולט מיט דערשלאָגענע יידישע טעכטער

און בחורים. פון יידישע מיידלעך האָט מען די הויט געשונדן, די גלידער מיט גרויס אכזריות געריסן, געבונדענערהייט אין וואסער געוואָרפן! — — —

אויף צומאָרגנס האָט דורכן פאַרהאַנגענעם פענצטער אין שטוב אריינגעדרונגען אַ קאַרגער פּאַס טאָג־ליכט.

גיטעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט צוגעלעגענע אברים און פאַרגעפלטע אויגן. זי האָט זיך געזען ליגן אין אָנטועכץ און עפּעס שווער זיך געקאָנט דערמאָנען באָענטע זאַכן. אין קאָפּ איז געשטאַנען אַ לייכטער טשאַד, אַקוראַט אין אים וואָלטן זיך נאָך געדרייט די שפּורן פון אַ האַרבן רויך. אין האַלדז איז געווען טרוקן, ס'האָט ווי געטאָן דער שלונג. אַראָפּגענומען דאָס פאַרהענגעכץ פון פענצטער, האָט זי פישל יונהן געפונען אַ פאַרבראָכענעם איבערן טיש. זי האָט אים געוועקט, געטרייסלט ביים אָקסל:

— פעטער פישל! פעטער...

ערשט ווען זי האָט באַמערקט די פאַרקלעפּטע פאַר הערעלעך פון זיינע ברעמען, די געשלאָסענע אויגן, האָט זי אונטערגעהויבן זיין מאַכטלאָזן קאָפּ. ער איז ווי אַ שטיין שווער צוריק אַראָפּגעזונקען.

...גיטעלע איז הייזעריק געוואָרן פון וויינען און שרייען. זי איז צוגעגאַנגען צום טיש און אַריינגערעדט אין געשטאָרבענעם:

— פעטער פישל, נעם מיך מיט. פעטער פישל — —.

אַ רגע לאַנג איז איר פאַרגעקומען: די מאַמע איז נעבן איר. דערנאָך האָט זי זיך פון דאָס ניי הייזעריק צעיאָמערט.

ווען זי איז מיד געוואָרן, איז דער טאָג געפאַלן אויף איר מיט דער לאַסט פון וויסטע חלומות. זי האָט בגוואַלד אויפגעריסן די אויגן און ווידער זיי געשלאָסן אין קאָשמאַרנעם דרעמל. דערנאָך האָט איר זיך אויסגעוויזן: דייטשן גייען — — זיי קומען נענטער, נענטער. די מורא פאַרן טויט האָט זיך פון איר אָפּגעטאָן.

# לעבן

## 1

גראָד איצט, אין די פיבערנדיקע טעג פון מלחמה, איז תנחום וואַלדמאַן אַריינגעפאַלן אין אַן אויסטערלישער שטימונג. ווי דער מענטש האָט אַלץ פאַרליב גענומען! כאָטש טו אים אויס דאָס לעצטע שטיקל העמד, וועט ער אויך שווייגן. קיין קרומע מינע נישט פון אים. גלייך אַלץ, וואָס געשעט, האָט ער זיך פאַרדינט. און דאָס איז אים נישט געווען צום פנים, צום פנים פון אַזאַ, וואָס פלעגט זיך כסדר וואַרפן אין זשעדנער זוכעניש, אין אומצופרידנ-קייט. מאָדנע געווען צו זען, ווי אַזוי ער שמייכלט עפעס שולדיק און גוטמוטיק איינצייטיק. ער האָט נישט געלאָזט הערן פון זיך אַ וואָרט פון פאַרביטערונג, הגם עס איז געווען אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. אַפילו דער זומער האָט נישט געשימערירט ווי תמיד, דער האַרבסט איז אָנגעשטאַנען אַ פריצייטיקער, מיט אומאויפ-הערלעכע רעגנס, מיט שטאָק-פינצטערע, וואָיענדיקע נעכט. אין אומבאַוווסטקייט האָט זיך געוואַלגערט דער דרויסן. פאַר זיך — דער דערווידערדיקער געטראָסק פון שווערע אַרמייאישע אַבאָזן איבער די גאַסן פון דער פרעמדער שטאָט, וווהין ער איז אָקאָרשט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, די גרינע בלאַסקייט פון ווייבער, וואָס האָבן אין טרערנדיקער בהלה באַגלייט זייערע מענער, אַוועקגיי-ענדיקע מיט פעקלעך אויף דער פלייצע. פלאַקערנדיקע שלאַכטן

און אַ געוויין פון קינדער, געלאָזענע איינע אליין, האָבן וויטלעך זיך אָפּגעקאָלערט איבער דער צעריסענער ערד; פאַר זיך דאָס אומגליקלעכע בילד פון אויסגעליידיקטקייט און הינטער זיך, דער גרויסער, שרעקנדיקער פרעג-צייכן: וואָס, ווו הין? טעג אזעלכע אין קאָנוואלסיוון געפּלהאַפּטן שטאָלפּערן, בלינדן טראַכטן.

תנחום האָט וויטיקלעך דערשפּירט, אַז ער מוז איינציען דעם רימען אויפן בויך. די שניידונג דערפון, וואָס די משפחה זיינע איז ערגעץ פאַרזונקען, די אייגענע פאַרלוירנקייט איז מיטאַמאָל אָפּגעטעמפּט געוואָרן. ער איז געווען אויס, דער אייביק פאַר-דאגהטער, אייביק רירעוודיקער תנחום. אינעם פיינלעכן האַרמיי-דער, וואָס איז אָנגעפאַלן אויף דער וועלט מיט משוגענעם כוח, האָט ער זיך נישט געפונען — דעם פריערדיקן, אומרואיקן מאַן, און ער האָט זיך נישט געזוכט מער.

געלאַסענער, פאַמעלעכער איז געוואָרן דער מענטש אין זיין גיין, אינעם טוען. די ציישונגען, וואָס האָב געפּאַכעט מיט הייסן ווינט פון פאַנאַנדערגעשפּרייצטער צרה, האָבן אים געלאָזט ווי אין הינערפּלעט: האָ? וואָס? און האָט מען אים גערופן אין מיליטערישן קאָמיסאַריאַט, געזאָגט — מיר שליסן דיך איין, בירגער וואלדמאַן, אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, האָט ער אומגעוואַקלט גע-ענטפערט: כאַראַשאָ. דער מענטש פון אַמאָלט איז פאַרשוווּנדן.

ווי נאָך יענע היץ-קרענק, וואָס חתמענען דורכאויס דעם מאַרך, איז דער מענטש פלוצים שטאַרק צעטרייסלט געוואָרן אין דער נשמה. נישט דער צקיער פון אומרו איז איבער אים אדורך מיט זיין שאַרף, נאָר פאַרקערט, אַ גליוויער האָט אים פאַרשטייפּט די באַוועגונגען. אין מוח האָט פויל זיך געראַיעט, דאָס בלוט — גע-קילט. דאַכט זיך: ערגעץ אין פאַרשאָטענעם באַוווסטזיין לויפט נאָך צאַפּ דאָס פאַרגאַנגענע מיט טריבן שיין, לויכט ווי אַ יש, וואָס שרומפּט, שרומפּט, אָבער די האָריזאָנטן, וואָס זיינען געהאָנגען פאַר דיר, האָט עמעץ ראָש אָפּגעוואָרפן.

עסיקער בין-השמשות אינמיטן-דרינען.

אַזאַ האָט וואלדמאַן באַגעגנט די אומגעווינטע סביבה פון אַ מיליטערישן בוי-באַטאַליאָן. עס איז, אמת, נישט דער צאַפּלדיקער

פראַנט, — מע שיסט נישט, מע פאַלט נישט — אָבער דער חוש פאַר האַרבער דיסציפּלין האָט אים אינסטינקטיוו אַרומגעכאַפּט. דעם מלחמה־גרילץ האָט ער אויפגענומען ווי אַן אומפאַרמיידלעכ־קייט, מיט וועלכן מע מוז שלום מאַכן.. ס'איז געווען דער געפיל פון זעלבסטדערהאַלטונג, וואָס וועקט דאָס נפש אין מינוטן פון סכנה. דער אַנדערער, דער, וואָס איז אָנגעטאָן געוואָרן אין אַ היטל מיט אַ פינף־עקיקן רויטן שטערן, איז אויפגעשטאַנען פאַרבאַגינען, געגאַנגען מיט רידל און האַק אין אַ גראָד־ליניקער, ריטמיש באַ־וועגטער קאָלאָנע, האָט וויליק, ווי אַן אָנגעדריקטע פּרוזשינע, גע־פאָלגט יעדן באַפעל.

אַ זעלנער איז שינעל און גראָבע שטיוול, האָט תנחום וואַלד־מאַן פלייסיק געגראָבן ערד פאַר פונדאַמענטן, געשלעפּט קלעצער און מיט תענוג דערשפּירט אַלע ביז איצט פאַרבאָרגענע טעמים און ריחות פון געדיכט אויסגעזאָטענער קאַשע און פון טיפן שלאָף אויף פראָסטן שטרוי. איבעריקנס, דאָס לעבן פון קאַזאַרמע איז אים פון אָנהייב אָן נישט געווען שווער. מ'הייסט אַזוי, באַדאַרף עס מסתמא אַזוי זיין. קלערן, טראַכטן איז ביילעך אַרויס פון זיין געוווינהייט. איצט איז אַלץ געווען ביי אים אַ מוז־זאַך, אַ מין גוטוויליקער מוז און אויף אַזוינס, ווי אויף אַ פאַרפּלייצונג, פרעגט מען נישט, צי עס איז גערעכט, צי נישט.

אין דער קאַזאַרמע, וועלכע האָט זיך אויסגעשפּרייט אין אַ שורה ערד־שטיבלעך (די ערד איבער זיי איז געווען דורכגעוויקט שוואַרץ, דערנאָך פּוד־ווייס און געפרוירן), האָבן זיך געהייצט איי־זערנע הרובעס. זעלנער האָבן פון דרויסן, פון דער הייך, אַהער אַריינגעטראָגן געשפּאָלטן האָלץ, געשפּייזט דאָס פייער, אויף וועלכן מ'האָט געזאָטן טיי, געקאָכט זעלנערישע קעסעלעך הירזש, געבראָטן קאַרטאָפל און שפּעט אין אָוונט בגנבה געטרוקנט דורכ־גענעצטע אָניטשעס, די צעלעכצטע שטיוול. אַ גאַנצן טאָג איז מען געווען אויף דער קעלט, די בריעמען און וואָנסעס פאַרוואַקסן מיט אייז־צאַפּנדלעך; אין קאַזאַרמע, אין איינגעשטילטע, גלייך אַ באַ־צוווּנגענע, האָט ערשט אויפדערנאַכט, ווען עולם איז אַריין מיט טומל, זיך אויסגעשפּרייט אַ שטיק לעבן, אַ לעבן מיט צייבער און

עלנבויגנס, וואָס האָבן צעריסן די פּאָרע פון דער אויסגעדעמפטער קעלט און זי האָט מיט אַ געפּל זיך געהויבן איבערן פלאם פון דער הענגענדיקער לאָמפּ.

תנחום האָט דערשפּירט די דורכגעפּרווירענע קליידער אויף זיך. ער האָט פאַנאַנדערגעריבן די פאַרגרעבטע הענט און מיט הנאה פאַרצערט דאָס קלעפּיקע, הייסע געקעכטס אין קעסעלע. מיט ליבער געדולד האָט ער געטראָגן דעם יאָך פון די שווערע טעג: „דער פראָנט... מיין מי, מ'שטייגס געזאָגט, אָקעגן דעם אלעם"!

אים האָבן זיך פאַרגעשטעלט מענגעס פאַרווונדעטע, געהרגעטע, און זיין אָנגעשאַרפטער ווילן האָט געגראָבן אין בלוט: „אזא בראָך!"

שטילערהייט האָט ער געמורמלט צו זיך און אליין נישט געוווסט זיין פלוצלינגע ווידערגעבורט.

2.

די מענטשן, פון וועלכע ער איז אַנומלט אַוועק אין בויבאַט אַריין, זיינען געווען שטאַרק צערודערט; זיי האָבן אויף כלערליי אופנים געצאָלט צינז דער צייט: אַ ביסל אונטערגעהינקט, גע-קרענקט, געשראָקן זיך פאַר ערגערס, נאָר די קנופּן פון לעבן, צו וועלכע זיי זיינען געווען צוגעקניפּט, האָבן זיי אָנגעבונדן אויך אין תנחומען, וועלכער איז זיי געווען אַ שאָד מחמת די לייבלעכע, וואָס ער האָט פאַרלוירן אין דער זאַווערוכע, מחמת דער פלוצ-לינגדיקער ירידה זיינער... אַ מענטש, לא-עלינו, געבליבן איינער אליין. ווי קאָן מען האָבן חשק צו ראַנגלען זיך פאַרן לעבן, אין וועלכן מע הענגט אויף אַ האָר! אַ שאָד געווען זיי דער מענטש, די אומאויסדרוקבארע נידערשלאָגנקייט זיינע האָט גערירט.

תנחומס דערשלאָגנקייט איז געווען אַ באַשיימפּערלעכע, האָבן דעריבער די באַקאַנטע לאַנג נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער אויף זייערע בריוו אין מיליטערישן טייל. „וואָס מאכסטו?... היינט לעבט מען מיטן טאָג, פאַרשטייסט? נאָר אַ טויט-קלאַפּ דעם מנוול איז דער עיקר. ער וועט האָבן אַ פינצטערן סוף, און די אייגענע וועלן זיך אָפּגעפּינען". די, פון וועלכע ער איז אַוועק אַ מאָבילי-

זידטער, האָבן אים אָן אויפהער איינגעשמועסט: עס לוינט אויסצודויערן. און די וואָר, וועלכע ער האָט באַגעגנט, שלאָגט זיך פאַרעקשנט פאַר יעדן טראָפּן שיין. תנחום האָט זיך איינגעהערט אינעם ארום און צוגעווינט זיך צו אַלעם, ווי צום ברויט, וואָס מ'עסט אין געבענטשטן הונגער.

אָודאי, אַ דאַנק די אומזעבאַרע פעדים, וואָס האָבן זיך געשפּינט פון דער ווייטער דרויסנדיקער פרעמד, האָט ער ווידער דערשפּירט די נאַטירלעכע נויטן פון זיין לייב. עס האָט מאָדנע געגריזשלט די הויט, אויב עמעץ האָט דערמאָנט: ווייב, קינד און פריינט זיינען אַמאָל געקומען אויפן זינען. אָבער פון דער געדעכעניש וועגן די באָענטע, וועלכע פלעגן אים פאַרפאָלגן צוליבן בלוט-באַנד מיט זיי, מאַטערן אין חלום, איז ער איצט אַנטלאָפן. ס'איז דער טויט, טויט, תנחום, האָט עס געליאַרעמט אין אים, — טויטע מאַכט מען נישט לעבעדיק! טאַקע, אומגעבראַכטע שרייען נאָך אין זייערע גרוילן, רופן. ער געדענקט אַלץ, אָבער... ער איז געלאָפן פון דעם, געוואָלט זיך פאַרטויבן.

ער האָט ליב געהאַט אין די אָוונטן צו זיצן אויף דער נאַרע, הערן מעשיות, אָפּטויכן זיך אין די טרוימען, וואָס מענטשן אָפּגעהאַרעוועטע, שטאַרק אָנגעגעסענע האָבן, גרעבצנדיק, אויסגעטרוימט אויפן קול. דערנאָך פלעגט ער, גלייך ער וואָלט געדאַנקלעך נישט געקענט דערלויפן אַהיים, מידיקלעך זיך אַוועקזעצן שרייבן.

פאַרשאַטנט פון אַרומיקע קעפּ האָט תנחום געשריבן בריוו, אויסגעשמועסט זיך מיט די, אין וועמען ער האָט אָנגעהאַנגען זיין זיין. ער האָט זיך אָנפאַרטרויט דעם פּאַפּיר, בעת ער האָט דערפילט די נויטווענדיקייט פון אַליין-זיין. ער האָט אַזוי פיל געשריבן (אויך פאַר אַנדערע, וואָס האָבן אים געבעטן), אַז שפּעטער-אַריין האָט מען אים אָפּט געזען אַן אַרומגערינגלטן פון פיל קאַזאַרמע־לייט: געלייענט זיי בריוו פון די אייגענע, געשמועסט וועגן די היימען, געוווּסט אַלעמענס משפּחות און מיטגעטראַכט זייערע טראַכטונגען. אַזוי אַרום איז ער, אַ פאַרוואַקסענער מיט אַ נידריקער, האַרטער באָרד, אַלעמען געוואָרן נאָענט, און די קאַזאַרמע האָט

ווי איין גרויסע משפּחה אויסגעפּועלט בײַם שעה, אַז ער, דער זעג־נער וואַלדמאַן, זאָל צוויי מאָל אַ וואָך פאָרן אין שטאָט אַרײַן ברענגען די פּאָסט.

אַ שניי-ווירבל רויכערט זיך איבער דער ערד, וואָס איז פאַר-שטייפט און הוסט. דער ווינטער-האָרן האָט זיך צעהודזשעט אין דער אויפגעשוואָלענער לופט, דאָס ווייסע-ווייסע שטויב־ראָד קאָ-לערט זיך מעכטיק, פאַרקנוילט די געגנט, פאַרשלינגט דאָס פערד, אַ באַדעקטס מיט פריר. די ברעמען, די פּיאות מיט שנייאיקער וואַטע באַקלעבט, האָט אַ מענטש, סאָפּנדיק, דורכגעקאָפּעט זיך אַ וועג אין בייזן אומוועטער. עס איז געגאַנגען דער פּאָטשטער פונעם בוי-באַט. 1051. אין טעג פון זינגעוודיקן פראָסט האָט תנחום, אַ דין צעשמייכלטער, מיט סאָלדאַטסקער טאָרבע איבערן אַקסל זיך געטראָגן דורך פאַנאַנדערגעוויקלטער פעלד-פלאַכטע. וואָלקנס שוואַרצע קראָען האָבן צעוויגט זיין שווערמוטיק טראַכטן, וואָס האָט אים געפּויזעט ווי גליטשיקע ווערים.

ביסלעכווייז איז ער אויסגעוואַקסן, דער פּאָסטמייסטער. אַלע האָבן אים געקאָנט, געליבט. דערבאַך איז שוין נישט געווען קיין חידוש, וואָס דער קאָמאַנדיר פונעם באַטאַליאָן, דער הויכפּיסיקער זקן ביביקאָוו מיטן פרישן ראָזן פּנים, האָט אינגאַנצן אים אַראָפּ-גענומען פון דער שווערער אַרבעט; ר'איז געוואָרן אַ מענטש פון שטאַב. זינט יענעם טאָג האָט דער באַטאַליאָן געהאַט אַן אייגע־נעם צווישן די „פּיסאַרעס".

אויפדערנאַכט, ווען אין קאַזאַרמע האָט געווירן דער רויש, איז דער פּאָסטמייסטער געשטאַנען צווישן עולם, ווי אין אַ ריזלענ-דיקן טייך. איבערשרייענדיק אַלעמען האָט תנחום אויסגערופן נעמען, דערלאַנגט בריוו.

— און מיר?

— דיר שרייבט מען נאָך! — האָט ער גוטמוטיק געענטפערט אינדערגיך.

— אין מיר האָט מען אינגאַנצן פאַרגעסן...

— צו דיר גייט ס'ווייב!

ריכטיק: פרויען זיינען געקומען צו זייערע מענער. באַלאָדן

מיט זעק סוכארעס, מיט ווארעמקייט און זאָרג זיינען זיי גיגאַנגען פון ווי-ווייט. אַרום שטייט שניידיקער פראָסט, לערקייט, נישטאָ זוו זיך אַהינצוטאָן מיט דער מאַמע פון די לייבלעכע קינדער, נישטאָ ווו זיך פאַנאַנדערצושמועסן, ווו אויסצוסדרן דאָס אַלדאָסגוטס, וואָס זי האָט דורכן לאַנגן וועג געשלעפּט אויף די פּלייצעס. געווען אויך אַלטע ווייבער, גראָע, געקנייטשטע מאַמעס מיט אויסגערונענע אויגן, וואָס זיינען געקומען מיט גרוס פון דער היים —

הויזלעך געבעקס, היימיש געפּרעסטע קעזלעך, אויסגעשטריקטע זאָקן פון ציגן-וואָל, ווארעמע הענטשקעס. נישט געווען דאָס אָרט צו קענען צוטוליען אַזעלכע, האָט מען בגנבה זיי אַריינגעבראַכט צו זיך אין קאַזארמע, געהאַלטן אויף אייגענער נאַרע. דאָס שטיקל ברעט האָט מען פאַרשטעלט מיט אַ קאָלדרע, מיט אַ פאָרהענגל פון סיץ אין רויטע ארבעסלעך, צי מיט אַ שטיק פּויערישע לייוונט. דאָס „דירהלע" האָט מען אָפּגעזונדערט פון זייטיקע אויגן. אינמיטן טאָג האָט מען צוליב דעם שטילינקערהייט זיך אַוועקגעריסן פון דער ארבעט. חברים האָבן אַרויסגעהאָלפן, דעריאָגט דאָס דורכגעלאָזענע. אויפדערנאַכט, ווען מ'איז געקומען אהיים, אין קאַזאַרמע, איז מען באַפאַלן דעם פּאָסטמייסטער, געבעטן: דערבאַרעם זיך, ברודערקע, דערלאַנג אַ בריוו פיאָדאָר אַלעקסייעוויטש, גיב אים, טייערינקער! און איז גראָד געווען אַ בריוו צום קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן, איז ער שוין אין קאַזאַרמע נישט אַריינגעגאַנגען אַ נאַכט-צווי. דעמלט, האָט מע געוווסט, פּאָסמאַקעוועט זיך ביביקאָוו מיט די נייעסן פון דער היים, לייענט איינמאָל, אַ צווייט מאָל, רייבט זיך דעם שטערן און זעצט זיך אַוועק פאַרפאַסן אַ לאַנגן ענטפער מיט הייסע גרוסן, מיט קושן. דער אַלטער קאָמאַנדיר איז אַ מילדער און אַזוי ווי ער איז אַליין, אַזוי ציטערט ער איבער יעדן פון זיין הויזגעזינד. ווי לאַנג ער ציטערט אויס דעם בריוו, פרייט מע זיך אָפּ אין די ערד-שטיבלעך מיט די ווייבער, מיט די מאַמעס. אין אַזעלכע פייערלעכע אויפדערנאַכט איז דער פּאָסטמייסטער תנחום דער פריינד פון די ארומיקע קאַזארמעס. מ'האָט אים אַרויסגעוויזן ליבשאַפט.

— ביסט אַ כוואַט! דאַרפסט זיין אַ נאַטשאַלניק...

— פאַר תנחום פישעלעוויטשן אַ כוסה!
— דאַוואַי, דאַוואַי! — האָט עמעצער ארויסגעשלעפּט אַ פלעשל פון אַ פאַרשלאָסן זעלנערישן קעסטל — פאַרן געזונט פון בעסטן פּאָטשטאַליאָן!
— הוררא!
מ'האָט צונויפגעקלאַפּט די גלעזער, בלעכענע טעפּלעך, פאַרוואָרפן די קעפּ אויף אַהינטער און אָפּגעשאָקלט זיך פונעם האַסטיקן שלוק. מ'האָט זיך צעקושט מיט תנחומען און געווינטשן אים צו ברענגען אַ סך גוטע בריוו. וואַלדמאַנען איז געוואָרן אומעטיק פון די אַלע שטאַרקע ווערטער. ס'האָט אים פאַרקוועטשט אין שלונג. אַ, ווען מ'וואָלט אים איצט געלאָזן צורו!
אויפצומאַרגנס האָט מען שוין געגרייט אַ פריש פעקל פּאַפּירענע דרייעקן, ווי קרעפּלעך, פאַר תנחומס טאָרבע, וועלכע וועט ווידעראַמאָל זיך טראָגן אין שטאָט אַריין.
און איז ווער באַפרייט געוואָרן, ר'איז געגאַנגען אַהיים „אויף גאַנץ", איז ער אויך נישט אינגאַנצן אָפּגעריסן געוואָרן פון דער קאַזאַרמע, אין וועלכער עס האָט געוווינט דער פּאָטשטער. תנחום וואַלדמאַן, וועלכער האָט דאָ געהאַט זיין נייע היים, האָט אַזוינעם געשריבן בריוו ווי אַן אייגענעם, וואָס איז ארויסגעפאָרן אין דער פרעמד.
„ליבער,
אויספילנדיק מיין פליכט אַלס פּאָסטמייסטער פונעם באַטאַליאָן 1051 (געדענקסט כאָטש דעם נומער?), שיק איך דיר איבער אַ בריוו, וואָס איז אָנגעקומען אויף דיין נאָמען. נאָך דיין אַוועקפאָרן איז ביי מיר געוואָרן אַ געפערלעכע פוסטקייט. אָן דיר איז נישט געבליבן מיט וועמען אַ נאָענט וואָרט אויסצורייד. דו קענסט דאָך אַלע. נישט איטלעכער פאַרשטייט דיך גוט. נישט פאַר יעדן קאָן מען אויסדערציילן פון האַרץ. אַגב איז אונזער חברה אַריבער אויף אַ נייער בויאונג. אַהער זיינען אָנגעקומען פרישע מענטשן. און מיט מיין נייעם שכן לויט דער נאַרע האָב איך נישט געטראָפן. ער, רוזשאַנסקי, הייסט עס, איז אַ גוטער חברהמאַן, אָבער הויל פון אַ יעדער אידלקייט. נאָר ער, ער און אכלען, און אכלט ער נישט,

פטרט אים אוועק די בענקשאַפט נאָך דעם פאַרפאַלן געוואָרענעם ווייב. האָב איך ווינציק מיין אייגענעם צרהדיקן מוח, וואָס פּייניקט, איז ער מיר אַ צולאַג. איז אומעטיקליך, ברודערל, מער נישט, היינט בין איך דערפרייט געוואָרן מיט אַ נייעס: עס קומט אַהער מיין שוואָגער — דער יאט פון פערגאַנער טאָל, וועגן וועלכן איך האָב דיר דערציילט. אונזער וועלטל, ווי דו זעסט, האָט זיך נאָך נישט אינגאַנצן איבערגעקערט. אַביסל האָפענונג קאָן מען נאָך אויפגראָבן. און איצט פון אונז גופא: מען איז פאַרטאָן אויפן פעלד. עס איז פרילינג, מאַנצבילן זיינען אויף מלחמה, באַדאַרף מען באַאַרבעטן די ערד. האָט זיך חברה אָנגעגורט די לענדן, מע הויבט אַ פלייצע. ס'וועט זיין אַ חיות צו זען, ווי פון אונטער דיינע הענט וואַקסט אַרויס ברויט, קאַרטאָפל, בורעקעס. ס'אַ געשמאַקער ביסן! היינט איז אויפן פעלד געווען פריילעך: מ'האָט געגעבן קאָמערציעלן ברויט, בייגל, וורשט און פינפאונפערציקער. דאָ שטייען שוין אַ ריי ביידלעך. פעלד-לאַגער. ס'איז גאַנץ טשעקאווע, נאָר פון די ווינטן איז נישט אויסצוהאַלטן. סיביר!

— — — „אין אַלגעמיין — קיין נייעס. דאָס ביסל זעלנערטום אונזערס האָט מע געפירט אין טעאַטער, עס איז אָבער נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין, ווייבאַלד די אינפאָרמביוראָ איז שטאַרק קאַרגלעך און אָנגעצויגן".

— — „אויף מלחמה, נישט אויף מלחמה — דאָס פייער איז ביי איטלעכן אין בוזעם. די אויסזיכטן זיינען שלעכטע און די ניסים אויף וועלכע מע וואַרט, איילן זיך נישט צו קומען. איז ווו זשע נעמט מען געדולד און כוחות? פון וואַנען זאָל מען דאָס שעפּן? פון די שוידערלעכע גרוסן וועגן דעם, וואָס מ'האָט געמאַכט מיט אונזערע יידן?! איז וואָס זאָל מען טאָן, טייערער? זיך לייגן און שטאַרבן? פאַרט טליעט אַ האָפענונג! לאָמיר זשע זיך אפשר אָנלאָדן מיט דעם כוח, וועלכער געבוירט אין אַזוינע טעג דעם גלויבן אין אַ... נס. ניין, מירן דורכהאַלטן. מיין פּשוטער טאַטע האָט אין יעדער ביטערער מינוט געהאָפט אויף דעם. און מיר זיינען דאָך די זין פון אונזערע פאָטערס! ווי עס פירט זיך, איז צום גוטן".

3.

זיי פון דער ערגעץ-שטאָט האָבן צו אים ווידערגעקערט דעם מענטש, וואָס גלוסט שטילערהייט די געלוסטן פון פּשוטן לעבן. ער האָט געשריבן בריוו, מ׳האָט אים געענטפערט, און זיין געמיט און זיין לייב האָבן זיך געגערט מיט דעם, וואָס עס האָט זיך געהערט פון דאָרט, און דער דאָרט האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן קריגן אַ געשטאַלט, אַ פּנים אין זיין פאַרשטעלונג. אַ הויז, אַ לאָמפּ איבערן טיש. ליכטיק-פריינטלעכע רייד פון אייגענער, וואָס האָט צו דיר אַ מוטערלעך געפיל. מע טרינקט באַנאַנד טיי, מע שפּילט דאָמינאָ, ביידן געפעלט באַגלייך דאָס לידל פון פּאַטעפּאָן, וואָס זינגט אויפן הויכן טישל, אַ געדעקטס מיט אַן איידל אויסגעהאָפטן סערוועטל. ס׳איז איר מיידלשער חן אין אַלעם דאָ, אויך אינעם קליידל, וואָס זי האָט אָנגעטאָן אויפן היינטיקן אָוונט. דערנאָך גייט מען אַרויס שפּאַצירן. גוט איז דאָס שנייאיק פראָסטיקע וועטער; די פולע לבנה שפּאַצירט מיט מיט זיי, הערט זיך איין אין דער פליסטערנדיקער שטילקייט.

דעם איינזאַם איבערגעלאָזענעם פון אַלעמען האָט אָנגעהויבן לאָקן און צערטלען אַן אומהיימלעך-היימלעכע שפּירונג, וואָס איז אים געווען אַזוי קענטלעך נאָענט.

און ס׳האָט געטראָפן: ער האָט באַקומען בריוו, זעלטן — אַ פּאָר בריוו מיטאַמאָל. געעפנט זיי מיט בריאיקע פינגער און אינסטינקטיוו דערוואָרט עפּעס שטאַרקס, איבעראַשנדיקס. ער האָט געלייענט און פאַרכליניעט זיך מיט זייער אינהאַלט: „ברודערקע"... „טייערער"... אין רויש, וואָס איז געשטאַנען אין קאַזאַרמע, פלעגט תנחום גאַנצע אויפדערנאַכטן זיצן אויף דער הילצערנער נאַרע און קלערן, דערמאָנען זיך. עס איז געווען וואָס צו דערמאָנען. אין זכרון האָט עס געווימלט, נאָר נאָענט איז געוואָרן דאָס פרישע, דאָס נייע, וואָס איז אָקאָרשט אָנגעוואַקסן.

... עס האָט אויף אַן אמת אָנגעווייעט אַ ליבלעכע וואַרעמקייט. וואָווע זילבערמאַן איז אַ ווילער, אַן אויפריכטיקער. עס טוט, כלעבן, הנאה דער אָנדענק: אַ מאָדנע פאָטאָגראַפיע. אַביסל אַ בלייכע, א מאַטע, נאָר ער, אין דער פוטערנער קומטשמע איז אים

טייער אזוי-אָ. אַז מ׳עט לעבן, וועט מע זיך טרעפן: כ׳על פאָרן צו אים.

תנחום וואַלדמאַן איז געווען פאַרטרונקען אין דעם אויפגע־וואַכטן געפיל. פלאַטערנדיק מיט האַרץ און נערוון צו יענעם, האָט ער געדאַנקלעך אים זיך איבערגעגעבן. ער האָרעוועט שטאַרק ביים אָפּבויען די שטוב, אַ חרוב געוואָרענע פון דייטשישע באָמבעס. כ׳וואָלט אים צוגעהאָלפן אין דעם. ער ברויך דאָס, יענער... דער מענטש האָט געלעבט מיטן בילד פון דעם, וועגן וועלכן ער האָט אַ סך געטראַכט.

און עס איז געשען, וואָס עס האָט באַדאַרפט געשען:

וואָרע, וועלכער האָט אַ סך מאָל דערמאָנט וועגן זיין שוועסטער שרהלע, האָט אַמאָל אים געלאָזט וויסן, אַז זי, שרהלע, בעט אים הארצלעך גרוסן, זי וועט זיין גערן אים קענען צו לערנען. האָט ער דייטליך געשריבן. און דאָס פאָטאָגראַפיעלע פון מיידל אינעם בלומיקן קלייד און גלאַטן פאַרקעמעכץ, אַ בייגעלייגטס צום פאַרשריבענעם בלעטל, האָט אים פריידיק געקנייפּט די ברוסט. איי, אַ ליכטיקייט! זי האָט אים אַ קלאַמער געטאָן מיט דעם וואָרט, מיטן געפיל, אַ ראַש אויפגעקומענעם דורך דער אומבאַגרייפטער ווייט.

אַנומלט האָט דאָס מיידל אַליין אים אָנגעשריבן:

... „לאַכט נישט (האָט ער זיך אריינגעלייענט אין דעם שרייבערין), כ׳אַרבעט נישט מיט דער לאָפּעטע, נאָר פאַרמאַטערט ווער׳ט מען. טאָמער בין איך געווען בלויז לערערין, האָט נישט געטויגט. מ׳האָט מיך באַשטימט אויך פאַר פאַרוואַלטערין פון שול. אָפּזאָגן זיך? פאַרט אַזאַ צייט! איך בין שלעכט געשטימט, עס בענקט זיך. ווי עס ווילט זיך אהיים, פריינט מיינער! עוואַקואַציע איז אַ ביטערע קללה. פאַראַן אַ יידיש לידל, וואָס מיר זינגען אָפט: „איך בענק צוריק אהיים, מיין שטעטעלע מיין קליין”... צי איך האָב נאָך אַהיים, גלייב איך נישט. זאָל זיין אויף חורבות. איר קאָנט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, און אפשר ווייסט איר דעם טעם, ווי שרעקלעך אומעטיק עס איז. מיין איינציק פאַרגעניגן איז, ווען איך באַקום אַ בריוו פון אַ פריינט. טוט זשע עס מיר צוליב. עס ווערט

גרינגער, כאָטש דאָס דויערט נאָר אַ ווײַלע. באַלד קומט די פאַר־דראָסיקעווירקלעכקייט.

איך בעט אײַך: שרײַבט אָפט. מיר זיצן און לייענען, לייענען. לאָמיר שפּילן כאָטש די פאַנטאַזיע.

פרײַנטלעכע גרוסן פון מײַן חבר-ברודער וואָווקע. ער איז איצט שטאַרק פאַרנומען.

אײַער פרײַנדין שרה זילבערמאַן.

פּ. ס.: ווען באַפרײַט איר זיך שוין? ווי דערלעבט מען אײַך זען, אַ סוף מאַכט! נאָך אײַך וועט זיך שוין שלעפּן דער געהאַפּ־טער שלום. מיר זײַנען מיד פון מלחמה-האַלטן מיט ווילדע שווע־ריקייטן.

און נאָך. איך האָב פאַרגעסן אײַך פרעגן — אפשר ווייסט איר ווען עס איז פּסח, וואָרום ווען עס וועט זײַן פּורים, קאָנט איר געוויס באַלד נישט זאָגן, און אײדער איר וועט ענטפערן, וועט שוין זײַן נאָך פּורים. דערציילט כאָטש. ווי עס האָט אויסגעזען פּורים. זײַט אַן אויסטראַכטער, וואַלדמאַן! אַ פאַנטאַזיע טוט אַמאָל אויך הנאה.

אוי ,עס איז אומעטיק אײנע אַליין צו טראַכטן וועגן אַלעם!"

אין אים האָט זיך אָפּגעדעקט אַ ליכט, וואָס האָט פאַרהוילן לאַנג זיך געדושעט אין גײַמיט, געפינצטערט. מיטאַמאָל האָט ער געשפּירט אזוי, גלײַך ער וואָלט אָקאָרשט אַרויס פון אַ קרענק. זײַן ברוסט האָט זיך צעעפנט, אַלץ אין אים האָט שטום געלעכצט צו עפּעס, וואָס דערפון האָט ער נישט געוווסט דעם נאָמען. אין זײַן אייגענער הויט האָט ער געשפּירט אַן אַנדערן, אַ פלינקערן, אַ פרײַלעכערן, כאָטש אַ וואָלקנדל אומעט מוז ער כסדר פאַרטרײַבן פון זיך. אַן זײַן ווייסן האָט תנחום איבערגעטראָגן אַ מאָדנעם קרי־זיס. ער איז נישט געווען ער. און ס'האָט געדויערט אַ שטיקל צײַט, ביז דער מענטש האָט זיך געפונען. דעמלט האָט ער דערוווּשט אין זיך דעם פלײַץ פון גרויסער בענקשאַפט צום לעבן. אַן אומ־באַוווּסטע פרוי — די שוועסטער פונעם חבר אין דער ערגעץ־שטאָט, האָט פון אים אָפּגעטרײַסלט די ווילדע פאַרוואַקסעניש, וואָס וואַקסט אַרום אַ יעדן שטיק אין הוילן פעלד.

## באמערקטע פעלערן:

| זייט | שורה | געדרוקט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 11 | 4 | אויסגעבראָכן | אויפגעבראָכן |
| 18 | 23 | קוועלנדיקער | קווילנדיקער |
| 21 | 31 | ארויסגעוואָרפענע | אַרויפגעוואָרפענע |
| 22 | 7 | אַראָפּגעשנודענעם | אַראָפּגעשונדענעם |
| 22 | 17 | טרויערער | טרוימער |
| 64 | 1 | פֿאַרצייטישן | פֿאַצעטישן |
| 69 | 13 | איינגעזעסענעם | איינגעגעסענעם |
| 80 | 9 | פֿאַרטאָג, אין | פֿאַרטאָן אין |

אויף זייט 56 שורה 8, נאָך די ווערטער „ווי דען", זיינען ארויסגעפאַלן די ווערטער: „ציצית, חומש איז אַ ווילע זאַך".

# אינהאַלט:



## ביכער פון זעלבן מחבר:

| | |
|---|---|
| אונזער אָרעם ברויט (נאָוועלן) | וואַרשע, 1936 |
| אַ הויז אויף אַלטשטאָט (ראָמאַן) | וואַרשע, 1938 |
| אין קלעם דערציילונגען) | בוענאָס-איירעס 1948 |